# די מעשה פון אַ גלגול

האָט אַ מענטש זיך אומגעשלעפּט איבער דער וועלט,
און ניט געקענט פאַרדינען קיין גראָשן געלט,
האָט ער זיך פאַר אַ כינעזערל פאַרשטעלט;

און ער קומט צום ברודער, אין דער שטאָט דער גרויסער,
וואָס אַלץ זעט ער און אַלץ קען ער און אַלץ ווייס ער,
און ער נעמט אַ קאָרב מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען,
און ער בעט אַז יענער זאָל אים לערנען האַנדלען.

זעצט דער ברודער זיך אַוועק מיט אים און לערנט
ווי אַזוי מען דאַרף זיך ווענדן און זיך קערן;

גייט דער ברודער, דאָס כינעזערל, אַוועק,
און ער זאַמט זיך אָן אַ צאָל מיט נעכט און טעג;
און נאָך לאַנגע וואָכן קומט ער פלינק און פריילאַך,
און דערציילט אַז ער האָט אָנגעטראָפן דעם בן מלך,
און אַז יענער האָט אים געזאָגט ער האָט אים האָלט,
און אָנגעשאָטן אים אַ קאָרב מיט זילבער און מיט גאָלד.

נעמט דער קלוגער ברודער אין דער שטאָט דער גרויסער,
וואָס אַלץ זעט ער און אַלץ קען ער און אַלץ ווייס ער,
נעמט דאָס גאָלד און זילבער און פאַרשליסט ;
פרעגט אים דאָס כינעזערל, צי ווייס ער ווער ער איז ? —

אַז ער איז אַ ברודער זיינער נעמט ער אים דערציילן,
און אַז גאָלד און זילבער דאַרף מען גלייך פאַרטיילן.

זאָגט דער קלוגער ברודער אַז דאָס ווייס ער בעסער,
גאָלד און זילבער דאַרפן ליגן הינטער שלעסער ;
און אַז ברידער האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט.

הויבט אָן דאָס כינעזערל צו ציטערן ווי אַ בלאַט,
און ער שטעלט זיך ביי דער טיר אַנידער און ער וויינט,
אַז קיינמאָל האָט קאָנפוציוס דאָס ניט געמיינט,
בשעת ער איז צווישן בערג אַרומגעגאַנגען
מיט זיך אַליין, און געזונגען הייליקע געזאַנגען.

זאָגט דער ברודער פון דער שטאָט דער גרויסער
אַז אויך דאָס איז שוין קיין נייס ניט, און דאָס ווייס ער,
און אַז עס האָבן אָט די רייד שוין בערד,
און אַז קאָנפוציוס ליגט שוין יאָרנלאַנג אין דער ערד ;

און ער וויל פון גאָרנישט הערן, גאָרנישט וויסן,
און ער הייסט אים, דעם כינעזערל, דערשיסן.

ליגט ער אין דער ערד אַזוי אַפּ יאָרן,
און ער קען זיך ניט דערוואַרטן אַף משיחס האָרן;
גייט ער ווידער זוכן אַף דער ערד זיין גליק,
און אין אַ פרימאָרגן איז ער דאָ צוריק.
און כדי מען זאָל ניט וויסן אַז ער איז ווידער אַף דער וועלט,
האָט ער איצטער פאַר אַ ניגער זיך פאַרשטעלט.

גייט דער שוואַרצער ברודער איבער ווייסע וועגן
צום פרימאָרגן, צו דעם ליכטיקן, אַנטקעגן;

טרעפט ער אָן די ווייסע שוועסטער, די פּרינצעסן,
האָט ער זיך אינגאַנצן ווער ער איז פאַרגעסן;
און ווי אין דער מעשה דאָרטן שטייט געשריבן,
האָט ער זיך אין איר געטאָן פאַרליבן.

קומט זי צו דעם ברודער אין דער שטאָט דער גרויסער
וואָס אַלץ זעט ער און אַלץ קען ער און אַלץ ווייס ער,
און זי ברענגט איר אומגליק צו זיין טיר צוטראָגן,
און זי נעמט זיך אַף דעם שוואַרצן ברודער קלאָגן.

הייסט ער אים צו זיינע טירן ברייננגען,
און דערציילט אים אַז דערפאַר קומט אויפצוהייננגען.

הויבט דער שוואַרצער ברודער אָן צו בעטן זיך און וויינען,
און ער נעמט דערציילן אַז מען זאָל ניט מיינען
אַז ער איז אַ פרעמדער פון אַריבער יאַמען,
נאָר אַ ברודער איז ער פון איין טאַטן־מאַמען;
און דעם ברודער ישו טוט ער אים דערמאָנען,
און ווי וועט ער הייננגען זיינס אַ ברודער קאָנען?

זאָגט דער קלוגער ברודער אין דער שטאָט דער גרויסער
אַז ער קען דעם ישו, און זיין חכמה וויים ער;
און אַז ישו הויבט אים גאָרניט אָן צו אַרן,
און מיט יענעמס ווערטער זאָל ער אים ניט נאַרן;
ווייל די ווערטער יענעמס זיינען גאָרניט ווערט,
און אַז ישו ליגט שוין יאָרנלאַנג אין דער ערד;

און אַז ער האָט גאָרניט אַף דער וועלט קיין ברידער,
און אַז לאַנג געהערט שוין האָט ער אָט די לידער;
און ער וויל פון אים ניט הערן און ניט קענען;
און ער הייסט אים אויפהייננגען און דאַן פאַרברענען.

אָבער אַז עס איז אַ מענטשן ניט באַשערט
טויטערהייט צו ליגן אין דער ערד,
איז ער ווידער אופגעקומען אַף דער וועלט,
און ער האָט זיך סתם פאַר אַן אָרימאַן פאַרשטעלט.

און ער קומט צום ברודער אין דער שטאָט דער גרויסער,
וואָס אַלץ זעט ער און אַלץ קען ער און אַלץ ווייס ער,
און ער בעט אַז יענער זאָל אים זאָגן
ווי אַזוי דאָס לעבן אַף דער וועלט אַדורכצוטראָגן.

האָט דאָך יענער ניט קיין צייט צו שטיין און טראַכטן,
נעמט ער אים און פירט אַוועק אין זיינע שאַכטן,
און ער גיט אים אין דער האַנט אַן אייזן,
און ער נעמט אים, ווי אַזוי צו גראָבן גאָלד, באַווייזן.

גראָבט דער ברודער, פאַקט מיט גאָלד אָן פעסער.
וואַקסט זיין האָב און גוטס און ווערט אַלץ גרעסער;
ווייס אָבער אין שטאָט דער ברודער בעסער,
נעמט ער און פאַרשליסט עס הינטער שלעסער.
און אַז יענער קומט זיין חלק מאָנען,
וויל ער אים ניט הערן און ניט קאָנען.

זאָגט דער ברודער גרעבער אַז ער וועט אים צווינגען;
זאָגט אים יענער אַז ער האָט געהערט שוין אָט די לידער
זינגען,
און אַז אויב ער וועט די צונג ניט האַלטן,
וועט ער אים דעם קאָפּ זיינעם צעשפּאַלטן.

הויבט ער אָן אַ גרויס געוויין צו וויינען,
אַז עס זאָל דער חכם דאָ ניט מיינען
אַז ער איז אַ פרעמדער, און ער ווייזט סימנים
אַז ער איז אַ ברודער, און ער האָט דאָסזעלבע פּנים.

אָבער יענער זאָגט אים אַז ער האָט עס שוין געהערט,
און אַז זיינע ווערטער זיינען גאָרנישט ווערט;

און ער טוט אים זאָגן און דערציילן,
אַז ווען ס'וועט משיח קומען וועט מען זיך צעטיילן;

און ער שיקט אים גראָבן, און ער הייסט אים היטן,
און ווען מען וועט דאַרפן — לעבעדיק פאַרשיטן.

אָבער ס'וויל אַ מענטש ניט איינליגן באַהאַלטן,
און ער ווערט מגולגל ווידער אין די דריי געשטאַלטן:

אַ כינעזערל, אַ גאָלדגרעבער, אַ ניגער;
גייען זיי שוין אַלע דריי געארעמט, ווי דריי זיגער;

און וואו נאָר זיי גייען אַלע דריי צוזאַמען,
נעמען זיך באַוועגן טויערן און צאַמען;

און וואו נאָר זיי קומען, שליסן אוף זיך שלעסער,
און עס קייקלען זיך אַליין אַרוים מיט גאָלד די פעסער.

הייסן זיי אינמיטן מאַרק די טישן גרייטן,
און זיי הייסן בלאָזן אין טרומייטן,
און צעשיקן איבער גאָר דער וועלט שטאַפעטן,
און זיי הייסן אַלעמען צו לאָזן בעטן
אַף דער סעודה, וואו מ׳עט זעקלאַך גאָלד צעטיילן,
און וואו עס וועלן קלוגע גרייזן זיצן און דערציילן
פריי און אָפן, אָן אַ גראָשן געלט,
פאַר אַלעמען די מעשה פון דער וועלט.

# דאָס ליד וועגן זינגער טאַא

דער זינגער טאַא איז געקומען צו רייטן
אַף אַ גאָלדן פערדל פון דער בלויער נאַכט,
און האָט פון דעם לאַנד, פון דעם טונקלווייטן,
געזאַנגען פולע הויפנס געבראַכט,
און זילבער פון ווערטער פון קלוגע גרייזן, —
האָב איך אים גענומען אונטער דער האַנט,
און האָב אים געפירט איבער גאַסן צו ווייזן
דאָס וואונדער וואָס ליגט אין אונזער לאַנד.
דער זינגער טאַא זעט דעם הונדערטן גאָרן,
און פרעגט מיך וואָס אַזוינס דאָס איז ;
זאָג איך אים דאָס איז פאַרגליווערט געוואָרן
אַמאָל אַ וואַנדערנדיקער ריז.
פאַרשטייט ניט טאַא, נאָר די אויגן ברייט אָפן,
און די אויערן הערן דעם פייף פון פאַבריק ;
זאָג איך אים אַז דאָס לייגן איין שלאָפן
מאַמעס זייערע קינדער אין וויג.
דער זינגער טאַא זעט גאָלדענע זונען
זיך דרייען אַף ערד, שטייט ער שטום און גאַפט ;

זאָג איך אים אַז מיר האָבן געפונען
דעם גאָלדענעם שליסל צו וועלטבאַשאַף.
נעמט ער זיך לויבן גאָטס גרויסע וואונדער,
און רופט אים באַשעפער פון טאָג און נאַכט;
זאָג איך אים אַז ס׳האָט אונזער יאָרהונדערט
זיך צו אַ נייעם גאָט דערטראַכט.
דער זינגער טאָ הערט די רייד און די קלאַנגען,
און ווייס ניט צי איז עס חלום, צי וואָר;
זאָג איך אים דאָס זיינען די געזאַנגען,
די לידער פון אונזער נייעם דאָר.
פּרוּווט ער דאָס אַף זיין לירע צו שפּילן,
נאָר עס שפּילט זיך אים אויס עפּעס אַנדערש וואָס,
אַזוי ווי עס וואָלטן געזונגען גרילן, —
צעברעכט ער די לירע פון פאַרדראָס.
דער זינגער טאָ זעט אַ בעטלער אַ שטומען,
און אַף דער טאַץ זעט ער קופּערגעלט;
זאָג איך אים גאָט איז אַראָפּגעקומען
און האָט זיך דאָס פאַר אַ בעטלער פאַרשטעלט.
צעוויינט ער זיך אַף אונזערע יאָרן,
צו וואָס מיר האָבן די וועלט געבראַכט;
און איידער וואָס־ווען איז ער ניט געוואָרן
אַף זיין גאָלדן פערדל אין דער בלויער נאַכט.

## דאָס ליד וועגן די פיר ברידער

זיינען אַף דער וועלט געוועזן ליכטיקע פיר ברידער,
האָבן זיי געזונגען און געזונגען לידער;
אין די נעכט פון זילבער, אין די טעג פון גאָלד,
האָבן זיי קיין בעסערס ניט געוואָלט.
חלומט זיך ביינאַכט דעם ערשטן ברודער:
ס׳איז די וועלט אַ שיפל אָן אַ רודער.
קען מען דאָך די וועלט ניט לאָזן זינקען,
ווי אַ וויסטן שווימער זיך דערטרינקען;
לאָזט דער ערשטער ברודער פערד און וואָגן שפּאַנען,
און ער לאָזט זיך פאָרן איבער בערג און לאַנען;
איבער בערג און לאַנען — ווי פון בוך אַ העלד,
פאָרט דער ערשטער ברודער ראַטעווען די וועלט.

זיינען אַף דער וועלט געוועזן ליכטיקע פיר ברידער,
האָבן זיי געזונגען טעג און נעכט און לידער;
האָט זיך ערשטער ברודער פאַר אַ העלד פאַרשטעלט;
זיינען זיי געבליבן דריי ברידער אַף דער וועלט.
חלומט זיך אין מיטן נאַכט דעם צווייטן:

גיי, באַפריי די וועלט פון ברודערס קייטן.
זעצט זיך צווייטער ברודער אַף אַ לאַס,
און ער שווימט אַריבער איבער יאַם;
און נאָך איידער עס הויבט אָן צו טאָגן,
וויגט ער זיך שוין אום אַף אַלע ראָגן.

זיינען אַף דער וועלט געבליבן ליכטיקע דריי ברידער,
האָבן זיי געזונגען און געזונגען לידער;
איז אַוועק דער צווייטער אויסלייזן די וועלט,
האָבן זיך איינגעזעגנט צוויי ברידער אָפּגעשטעלט.
הויבט זיך דער דריטער ברודער אויף,
נעמט זיין פעקל מיט טעג אַף דער פּלייצע אַרויף,
און מיט לייכטע טריט און מיט ליכטיקע לידער
גייט ער מאַכן שלום צווישן די צוויי ברידער.
איז דער ברודער דער דריטער געגאַנגען, געגאַנגען
מיט לייכטע טריט און ליכטיקע געזאַנגען;
טרעפט ער אָן אַן עדה לייט מיט גרויע בערד,
וואָס קוקן אוים ווי די זיבעציק חכמים פון דער ערד;
פרעגט ער צי ווייסן זיי, צי האָבן זיי געהערט
פון זיין עלטסטן ברודער, פון דעם העלד,
און פון דעם וואָס איז געגאַנגען אויסלייזן די וועלט.

האָבן אים די לייט פּאַר אַ משוגענעם אָנגענומען,
און אַריינגעזעצט אים אין תפיסה ביז משיח וועט קומען.

זיינען אַף דער וועלט געבליבן ליכטיקע צוויי ברידער,
האָבן זיי געזונגען און געזונגען לידער;
איז אַוועק דער דריטער איבער זאַמד און שטיינער,
איז אַף גאָרער וועלט געבליבן ברודער איינער.
איז וואָס זאָל דער ברודער, דער איינער, טאָן?
נעמט ער דאָס העמד און ער מאַכט זיך אַ פאָן,
און ער זעצט זיך אינמיטן מאַרק אַנידער,
און ער זינגט דאָס ליד פון פיר ליכטיקע ברידער:
פון איינעם וואָס איז געוואָרן אַ העלד,
פון צווייטן וואָס איז געגאַנגען ראַטעווען די וועלט,
פון דריטן וואָס איז אַוועק איבער זאַמד און שטיינער
צו מאַכן שלום צווישן די צוויי ברידער,
און פון אים, וואָס האָט פון הויט און ביינער
דאָס העמד אַראָפּגעצויגן,
און זיך אויסגענייט אַ פאָן מיט שפּיצן,
און איז אַפן מיטן מאַרק געבליבן זיצן,
צו זינגען און דערציילן, נאָכאַמאָל און ווידער,
דאָס ליד און די מעשה פון די פיר ליכטיקע ברידער.

## וואַכנטעג

אַז איך האַנדל מיט די שעה'ן מיינע, וואָכנטעג,
אַף אַ גרויסן, אַף אַן עפנטלאַכן טאָרג;
גרייך איך אָבער אין די טיפן דיינע זוכנדיק,
שטעטל מיינס, פון מיליאָנען בײנקשאַפטן, ניו יאָרק.

ווי דאָס לעבן, דיין געזיכט מיט רויך פאַרצויגענער,
און דיין גורל שלעפן מאָטאָרן און פערד;
כ'בין אַ היימישער, אַ דאָאיקער, אַן אייגענער,
ווי ס'איז היימיש צו אַ מענטשן ערד.

פולע שיפן, פולע באַנען ברייננגען בײנקשאַפטן,
און צעשייטן איבער גאַס און איבער סקווער;
ווערן ליבער, ווערן נעענטער די ענגשאַפטן,
ווערט צעצונדן און צעזוניקט דער באַגער.

פאַרב פון שילדן און פון לאָמפּן און פון ציפערן
פאַרבט דאָס לעבן ווי אַ פאַרביקער באַלון;

קינדער וויינען, קינדער זינגען אין דער טיפעניש
רייסנדיק זיך, בײנקענדיק נאָך זון.

וועל איך זינגען, וועל איך זאָגן און דערזאָגן זיך
ביז צום טיפסטן, ביז צום נעבלדיקסטן אָרט;
מיינע שעה'ן איבער עוועניום צעטראָגנדיק
מיט דער פליגלדיקער פשוטקייט פון וואָרט.

## באַלאַדע פון אַלע טאָג

ב. י. ביאַלאָסטאָצקי'ן

ניט גוט באַ אונז, זייער ניט גוט, מיינע ליבע, מיינע טייערע
ברידער;
און אפשר איז עס ניט נאָר אַזוי באַ אונז, נאָר אַף דער גאָרער,
קיילעכדיקער וועלט;
די טעג קומען אָן ווי פאַרלאָזטע געליבטע, אָן רייץ, אָן געזאַנג
און אָן לידער,
און גייען אַוועק אָן אַ זיי-געזונט, ווי באַ אָרימעלייט דאָס
געלט.

געווען אַף דער וועלט אַזאַ גרויסע מלחמה און אַ סך האָט
די וועלט געליטן,
און מענטשן האָבן זיך די גאָרגלען געביסן (אָן אַלטער
פאַרגלייך) ווי וועלף;
און גאָרנישט איז באַ אונז געוואָרן אַנדערש, און גאָרנישט
האָט זיך געביטן,
און דערזעלביקער זייגער צו דערזעלביקער צייט קלאַפּט
אוים דאָסזעלביקע צוועלף.

די אָרימעלייט האָבן קינדער אַ סך און טוען זיך אין דרייען בויגן,
פון קינדער און אַרבעט דאַרן ווייבער איין, און מענער ווערן אַלט און קאַלט;
און קינדער וואַקסן אַף שטיין און שטאַט מיט געוויין פון זון אין די אויגן,
און שטאַרבן אוים, ווען עס קומט די צייט. ווי גראָז אין אַ האַרבסטיקן וואַלד.

די רייכע לייט עסן קעסט בא דער וועלט און זיצן אַפן סאַמע אויבן,
און פאָרן אַרום אין פעקאַרד קאַרס, און ווערן רייכער פון יאָר צו יאָר;
די אַרבעטער נייען העמדער און שיך און חלומ'ען פון ווערן דערהויבן,
און ברייננגען אין אוונט אַהיים צוטראָגן, ווי אַ פאָן, די גרויע וואָר.

מ'האָט חתונה ווי אַמאָל, און מ'ליבט זיך ווי אַמאָל, און מ'באַקט לעקאַך און קיכלאַך און טאָרטן,
מע באַרעדט גוטע פריינט, מע פאַרהייליקט דעם נאַר, און מ'טוט תפילה צום הייליקן יאָלד;

ביטאָג שלעפט מען אום איבער גאַסן די וואָר, און אין די
אוונטן שפּילט מען קאָרטן,
און ביינאַכט קומט אַ מלאך צו חלום צוגיין אין אַ מאַנטל פון
לויטער גאָלד.

עס טרעפט אַפילו אַמאָל — ס'וואַכט די אָרימקייט אוּף און
נעמט בייזערן זיך און צערנען,
טראָגט אַרוים די וואָר, די לויטערע וואָר, אַף דער גאַס מיט
געזאַנג און מיט פאָן;
נאָר וואָס טויג עס וואָס, אַז מיט קינדער אין הויז טוט מען
כסדר לערנען
די מעשה פון שפּאָרן סענטן און ניקלס און דאַימס פון
קליינערהייט אָן.

ניט גוט באַ אונז, זייער ניט גוט, מיינע ליבע, מיינע טייערע
ברידער;
און אפשר איז עס ניט נאָר באַ אונז אַזוי, נאָר אַף דער גאָרער
קיילעכדיקער וועלט;
די טעג קומען אָן ווי פאַרלאָזטע געליבטע, אָן רייץ, אָן געזאַנג
און אָן לידער,
און גייען אוועק אָן אַ זיי־געזונט, ווי באַ אָרימעלייט דאָס
געלט.

## האָט זיך פאַרלאָפן אַ מעשה

שטייט אַ מענטש ביים אַקער, פלעכט פון ערד אַ מעשה,
ווי אַן אַלטער נביא פון אַ וועלט אַ ווייסער;
קומט אַ מענטש אַ צווייטער פון אַ לאַנד אַ ווייטן,
אַף אַ שטאָלן פערדל קומט ער אָן צו רייטן;
ברייננגט אַ זאַק מיט מעשיות נייע צו דערציילן
וואָס ער האָט געפונען אין דער וועלטס פיר טיילן.

גייט פאַרביי דער היטער פון דער שטאָט און הערט
ווי דער מענטש ביים אַקער טענה׳ט מיט דער ערד,
הערט ער לידער זינגען מענטש און אַקער, ביידן,
הערט דאָס שטאָלן פערדל מיטן מענטשן ריידן, —
גייט פאַרביי דער היטער פון דער גרויסער שטאָט,
ווייס ער ניט, צי איז דאָס מענטש, צי איז דאָס גאָט.

ציילעמט ער זיך איבער; דריי מאָל מיטן שטערן
טוט די ערד באַרירן, ס׳זאָל אים גאָט דערהערן,
און ער טראַכט: דעם קעניג דאַרף מען דאָס דערציילן,
וועט ער אים אַ האַלבע קעניגרייך פאַרטיילן;

ווען ער אים זיין טאָכטער פאַר אַ מלכה געבן,
ווען ער שוין ניט דאַרפן מער זיין גאַנצן לעבן,
ווי אַ הונט אין שטאָט, נאָך פרעמדן ווייב זיך יאָגן,
און פון ביינקשאַפט אויסגיין שלאָפלאָז אין פאַרטאָגן.

לאָזט פון שטאָט דער היטער טיר און טויער איבער,
און ער כאַפּט צום קעניג זיך אַף שנעל אַריבער,
טוט די ערד באַרירן דריי מאָל מיטן שטערן,
קלאַפּט זיך אַפן האַרצן און ער טוט זיך שווערן,
אַז עס זאָלן ביידע, גאָט און קעניג, הערן
אַז ער זאָגט ניט ליגן, נאָר ווי גאָט איז פאָטער,
אַז אַליין געזען מיט זיינע אויגן האָט ער
ווי פאַרביי דעם טויער זיינען זיי געגאַנגען,
מענטש און אָקער און דאָס פערדל, מיט געזאַנגען,
און מיט רייד אַזעלכע, וואָס זאָל גאָט ניט שטראָפן,
און גערעדט פון גיין אין קעניגס פּאַלאַץ שלאָפן.

טרעפט ער קעניג זיצן אויגן פול מיט שנאה,
און אַרום די קליגסטע לייט פון דער מדינה,
טראַכטן — צי געבראָטנס איז צו עסן בעסער,
און צי טרינקען דאַרף מען וויין פון פלאַש, צי פעסער;

און ווי אַלט זיין דאַרפן מיידלאַך אינם לעבן
אַז זיי זאָלן קענען מער הנאה געבן.

הערט דער קעניג ווערטער פונם טויערהיטער,
און פאַר כעס און שנאה טוט זיין גוף אַ ציטער,
און מיט אויגן בייזע, און מיט אויגן גרינע,
ווענדט ער זיך צו זיינע חכמי המדינה.

זיצן די חכמים, פינטלען מיט די אויגן:
אַז ס'מוז זיין אַ מעשה וואָס איז ניט געשטויגן;
און אַזעלכע זאַכן קאָנען זיי ניט גלויבן,
אַז מען וואָלט זיי וויסן לאָזן שוין פון אויבן;
און עס קומט דעם טויערהיטער צו באַשטראָפן,
ווייל ער איז געקומען פאַר דעם קעניג בלאָפן;
און אַז אויב אַ היטער איז ער אַ געטרייער,
איז אין גרעסטן אומגליק, צי אין גרעסטן פייער,
לאָזט ער טיר און טויער ניט אַף גאָטס באַראָט,
און ער גייט ניט קעניג זוכן אין דער שטאָט.

נאָר פון אַזאַ מעשה, טוט מסתם ער דיינקען,
ווערט דאָך אים דער קעניג גאָלד אַ פעסל שיינקען;

און מיט נאָך מתנות וועט ער אים באַלוינען,
און וועט אים נאָך אפשר פאַר זיין הויפנאַר קרוינען.

און דעריבער איז עס זייער קלוגע עצה,
אַז מען זאָל אים לאָזן אַף דער גאַנצער פּלייצע
אויסקריצן אַ פערד, אַ מענטש, אַן אַקעראייזן,
און ער זאָל אַזוי זיך פאַר פאָלק באַווייזן,
און עס זאָל אַ הויפמאַן ברייט און ווייט דערקלערן:
אַז אַ סאָף אַזאַ וועט פון פאַרעטער ווערן.

שטייט ביי דעם אַריינגאַנג שוין אַ מענטש אַ נייער,
און איז פון דעם ערשטן צען מאָל נאָך געטרייער.
קוקט מיט טויזנט אויגן, אָבער פון דער ווייטן,
אַף אַ ווייסן אייזל זעט ער איינעם רייטן,
און נאָך אים אַ מחנה ציט פון אַלע זייטן:
קאַליקעס און בעטלער, קינדער, טאַטעס, מאַמעס,
לויכט דעם וועג זיין פּנים ווי די זון אין תמוז.

ווייס ער ניט צי איז דאָס וואָר, צי איז דאָס חלום;
נאָר אַז אין סכנה שטייט אין לאַנד דער שלום
ווייס ער, און דעם קעניג דאַרף מען דאָס דערלאַנגען
איידער נאָך זיי זיינען צו דער שטאָט דערגאַנגען.

און דער קעניג וועט שוין וויסן ווי צו שאַצן,
און פאַר זיינע אויגן זעט ער שוין פּאַלאַצן,
טעפּיכער פון לייבן פון די בעסטע קלייבער,
און פון דער מדינה גאָר די שענסטע ווייבער;
און עס וועט זיין נאָמען זינגען אַף די בלעטער,
וואו מען וועט אים רופן פונם לאַנד דער רעטער.

כאַפּט ער זיך צום קעניג אין דער שטאָט אַריבער:
— קעניג, אונזער פאָטער, קעניג, אונזער ליבער,
אַף אַ וויסן פערדל פאָרט אַהער אַ גבור,
און מיט אַזאַ שווערדל טוט ער דאָרטן פּאָכן,
וואָס עס וואָלט די שטאַרקסטע וואַנט אַדורכגעבראָכן;
און פון זיינע ליפּן האָט דער ווינט דערטראָגן
קלאַנגען פון דיין נאָמען, וואָס ער האַלט אין זאָגן;
און מיט וואָרט אַזעלכן קומט ער צו דיר מאָנען,
וואָס אַף ליפּן ברענגען וואָלט אַ מענטש ניט קאָנען.
אַ טרומייטער האַלט ער, ווי ס׳דערציילט די מעשה,
און אַ פאָן אַ רויטע, און אַ פאָן אַ ווייסע;

און ווי זון אין תמוז ליכטיק איז זיין פּנים,
און אַז זיכער איז ער אַז אַ מחנה שונאים

קומט אַהער דעם קעניג אונזערן פֿאַרשטײנען,
און אָט יענעם גבור פֿאַר אַ קעניג קרױנען.

טרעפֿט ער אָן דעם קעניג אין דעם פּאַלאַץ דאָרטן,
זיצט מיט די חכמים און זײ שפּילן קאָרטן,
און מען האַלט װיכּוחים, װאָס ברײנגט מזל ברכה:
צי דרײ שװאַרצע מלכות, צי צװײ פּאָר מלכים;
און צי זענען בלאָנדע, צי ברונעטע, הײסער,
און אױך װיפֿיל װײבער האָבן דאַרף אַ קײסער.

הערט דער קעניג װערטער: — מענטש אַף אײזל רײטן,
פֿרעגט ער די חכמים, װאָס דאָס זאָל באַדײטן?

הױבט זיך אױף דער עלטסטער פֿון די קלוגע גרײזן,
און מיט טיפֿער חכמה נעמט ער זיך באַװײזן,
אַז לױט אָט־די װערטער פֿון אָט דעם שליח
מוז עס מײנען ישו אָדער גאָר משיח;
און װי ס'װײסן אַלע, און װי ס'שטײט געשריבן,
איז פֿון ערשטן לאַנג שױן גאָרנישט ניט פֿאַרבליבן,
װײל שױן כּמה יאָרן װי ער ליגט אַ טױטער,
און עס װעט ניט אױפֿשטײן שױן נאָך אים קײן צװײטער.

און עס ווייסן אַלע וועגן יענעם צווייטן,
אַז אַ קראַנקער ליגט ער און געשמידט אין קייטן;
און אַז אויב ס'איז אמת דאָס וואָס מענטשן ריידן,
מוז שוין יענער אויך איצט רוען אין גן־עדן...
און פאַר אָט אַזעלכע מעשיות אויסצוקלערן
קומט אים צו באַשטראָפן מיט אַ שטראָף אַ שווערן;
און פאַר זיין געטריישאַפט דאַרף מען אים באַלוינען,
אַז דאָס פאָלק זאָל וויסן, הערן און זאָל שטוינען.

מיינט ער אַז מען דאַרף אים זאַלבן ווי דעם יוזל,
און דערנאָך אים בינדן צו אַן עק פון אייזל,
און מען זאָל אים פירן איבער אַלע טיילן
פון דעם האַרם מדינה, און מען זאָל דערציילן
אַז אַזוי באַשטראָפן אַלע גרויסע האַרן,
אַלע די וואָס ווילן פאָלק און קעניג נאַרן.

קומט אָבער דער דריטער היטער פונם טויער
צו דעם קעניג מיט אַן אָפּגעהאַקטן אויער,
און ער הויבט אָן ווי אַ הונט אַ קראַנקער וואַיען,
אַז ער האָט געזען דריי פערד מיט ברענענדיקע קלאַיען,
ווי דריי אָדלערס זיך אין לופטן טראָגן,

און געזעסן זיינען אַף די פערד דריי רייטער,
און געהייסן גיין צום קעניג און אים זאָגן
אַז זיי קומען פון אַ וועג אַ ווייטן,
און מען זאָל פאַר זיי דעם פּאַלאַץ גרייטן;
האָט ער ניט געוואָלט אַוועקגיין פונם טויער,
האָט אים איינער אָפּגעהאַקט אַן אויער.

בלייבט דער קעניג זיצן, און מיט שרעק און שנאה
ווענדט ער זיך צו זיינע חכמי המדינה.
טראַכטן זיי און טראַכטן, קלערן און באַשליסן
אַז מען דאַרף דעם גאַנצן פאָלק צו לאָזן וויסן,
און מען מוז אַרויסגיין און דעם פיינט פאַרניכטן,
אַז עס זאָלן מער אַזעלכענע געשיכטן
זיך אַף ווייטער קיינמאָל ניט פאַרלויפן,
און די רו ניט שטערן אין די קעניגלאַכע הויפן.

קומען מאַנען, קומען קינדער אָן, און ווייבער,
און זיי שניידן זיך אַליין ביז בלוט די לייבער;
טוט די ערד אַ מויל אַ ברייטן אַ צעעפן
און זי טרינקט און טרינקט ביז שיכור ווערן;
ווערט אין לאַנד אַ גאָלדענע, אַ גרויסע שפע.

זיצן גרייזן מויל און אויער אָפן, קוקן, הערן,
ווי עס קומט פון ווייטן אָן אַ רייטער איינער,
ווי די זון אַ ליכטיקער אַזאַ, אַ שיינער;
און אַף פערד מיט ברענענדיקע קלאַיען, ווי אַף פליגל,
איבער שפּע'דיקער ערד, ווי אַף אַ גלאַטן שפּיגל,
טוט ער זיך אַריין אין קעניגס פּאַלאַץ יאָגן;

ברייענגט מען אים דאָס גאָלדן העמערל צוטראָגן;
טוט ער נאָר דאָס גאָלדן העמערל באַרירן,
עפענען זיך אַלע צוגעמאַכטע טירן,
און עס שפּרייט זיך אויס אַ בליענדיקער גאָרטן;
שטייען טישן אויסגעשטעלט מיט ווייַנען און מיט טאָרטן,
און קאַפּעליעס טוען זיך פאַרגיין אין שפּילן;
האָפּקעט מען, ווי אַף אַ חתונה, קאַדרילן,
און מע טרינקט פון בעכער, און מען עסט פון שיסל,
און מען לאָזט פאַר גאָט נאָך איבער אויך אַ ביסל.

# באַלאַדע פון סקווער

אַך, ווי טרויעריק עס איז געווען צו קוקן
ווען זי האָט זיך ביים ראַג אָוועקגעשטעלט,
און האָט געגומען ווי אַ ווייסטער שקלאַף זיך בוקן,
און פאַרזיכערן אַז מאַנען וועט זי ניט קיין געלט.

נאָר דערציילן וויל זי פון איר ווייסטן לעבן,
פון איר בלינדן גורל וואָס איז שוין צו שווער;
אַז געראַטעוועט האָט זי זיך פון די קעבן,
מיטן לעבן קוים אַרוים אָט דאָ אַהער.

אַך, ווי טרויעריק עס איז געווען צו הערן
ווי זי האָט געשאָלטן זיך און מענטש און גאָט;
און גענומען קלאַפּן זיך אין ברוסט און שווערן
אַז זי איז צופעליק אַריינגעפאַלן דאָ אין שטאָט.

אַז ניט איינמאָל האָט זי זיך געוואָלט דאָס לעבן נעמען,
נאָר ס'האָט יעדן מאָל איר אויפגעלויכטן אַ געדאַנק;
ניט געקענט האָט זי דעם טאַטן אירן אָט אַזוי פאַרשעמען,
און דאַריבער שלעפּט זי זיך אין שטאָט אַרום איצט קראַנק.

אַך, ווי טרויעריק עס איז געווען צו קוקן
ווי זי האָט ריידנדיק אַנטבלויזט אַ נאַקעטע איר ברוסט,
און, ווי אַ שקלאַף אַ פּינצטערער, גענומען נויגן זיך און בוקן,
און ווי אַ לונגענליידנדיקער זיך צעהוסט.

אַך, וואָס פאַר אַ צער עס האָט אַרויסגעקוקט פון אויגן,
און גאַסן האָבן זיך צעשווייגן טיף און שווער,
ווען זי האָט אַ קראַנקע דאָ זיך אויסגעצויגן
פאַר אונזערע פיס אַ מידע אָפן סקווער.

# די מעשה פון גאָט און מענטש

עס איז שטאָט און ניט שטאָט, עס איז גאַס און ניט גאַס,
ס׳איז ניט טאָג, ס׳איז ניט נאַכט;
אַפן שפּיץ פון אַ באַרג איז געזעסן אַ גאָט און געטראַכט
און דערטראַכט.
באַ דעם פוס פונם באַרג איז געשטאַנען אַ מענטש
און געשטוינט און געהערט,
און צעטראָגן די נייס איבער זודיקן ים, איבער היציקער
ערד.

עס איז מענטש און ניט מענטש, עס איז גאָט און ניט גאָט,
עס איז וועלט און ניט וועלט;
אַ געדאַנק, אַ געזאַנג האָט אין ליכטיקער שעה אָט אַזוי זיך
פאַרשטעלט;
אין אַ בעטלער אַמאָל, מיטן בלינדן געוויין אַף אַ בלעכענער
טאַץ;
און אַמאָל אין אַ גילדענער קרוין און מיט גלעקלאַך אַ יונגער
פּאַיאַץ.

עס איז טויט און ניט טויט, עס איז לעבן און ניט, עס איז
נאַכט און ס'איז טאָג;
ס'איז די אונטערערד באַן, ס'איז די פלאַך פון דער ערד,
ס'איז דער הונדערטער שטאָק.
ס'איז די מעשה פון גאָט און די מעשה פון מענטש, וואָס
דער מח דערשפינט;
ס'איז דער חלום פון וואָר, ס'איז דער בלענד פון דער זון
און דער בלאָז פונםווינט.

אַפן הונדערטן שטאָק טרייסטן אויערן זיך מיטן רענדלאַך־
געקלאַנג;
אַף דער פלאַך פון דער ערד זינגען רידלען און הענט פון דער
ערד דאָס געזאַנג.
עס איז שטאָט און ניט שטאָט, עס איז מענטש און ניט מענטש,
עס איז וועלט און ניט וועלט;
אַ געדאַנק, אַ געזאַנג האָט אין ליכטיקער שעה אָט אַזוי זיך
פאַרשטעלט.

## די לעגענדע פון ווייסן לאַנד

ס׳איז זומער דאַן געוועזן אינ׳ם לאַנד,
אַף טיר און שויב, אַף טויער און אַף וואַנט
האָט זון — אַ באַלעגוף — מיט פולער האַנט
פאַר אַלעמען איר האָב און גוטס געגעבן;
האָט דאַן דאָס פאָלק פון אַלע עקן לאַנד,
ווי חסידים, אין דעם אָנגעזיכט פון רבין,
פאַרשיכורט זיך מיט הילכיקן גוטמאָרגן,
און פרייד געהאַט געננג אַף אויסצובאָרגן.

אין גאַסן האָט מען דאַן די פרייד געקילט,
און אין די מערק האָט מען געשטעלט דאַן חופות;
און קלעזמער האָבן לעבעדיק געשפּילט,
און לידערקרענץ האָט מען צעהיינגט אַף סלופּעס.

געוואָקסן זיינען קינדער פעסט און יוסט,
געצייטיקט ווי אַף ברייטע פעלדער גאַרבן;
און אַלטע לייט דאַן האָבן גוט געוואוסט:
אַז אויסגעלעבט די יאָרן דאַרף מען שטאַרבן.

ס׳האָט קיינער דאַן קיין טויטן ניט באַוויינט,
און קיינער האָט דאַן ניט געריסן קריעה;
ווייל — אָפּגעלעבט — האָט שטאַרבן בלויז געמיינט
אין נייעם לעבן ווידער אופצובליען.

אָך, האָט דאָס לעבן ברוסטיק דאַן געלאַכט,
און האָט געהילכט מיט פרייד אָף אַלע ראָגן;
ס׳איז גוט געוועזן מיטן ווייב ביינאַכט,
און ליב געווען די פראַצע אין בייטאָגן.

אין מאַרק איז דאַן געוועזן האַלבער טאָג
בשעת עס האָט דער פרעמדער זיך באַוויזן;
מיט גאָלד געזוימט די הויזן און דער ראָק,
און באַ די זייטן צוויי געגילדטע שפּיזן.

ער האָט דערציילט: ער קומט אַהער פון טאָל
וואו ס׳זיצן לייט מיט בערד און פאות ווייסע;
און וואָס ער ברייננגט מיט זיך קאָן דאָ אַמאָל
נאָך קלינגען ווי אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

נאָר וואָס ער ברייננגט מיט זיך איז לויטער וואָר,
ווי וואָר עס איז דאָס גרוי פון האָר באַ גרייזן;

און זאָל אים גאָט באַשערן אַזאַ יאָר,
ווי ער וועט דאָס פּאָר אַלעמען באַווייזן.

ער האָט פון זייט אַ צי געטאָן אַ שפּיז,
און ווי אַ קונצנמאַכער זי פאַרשלונגען;
און דורכגעצויגן נאָדלען דורך די פיס,
און האָט נאָכדעם דאָס ליד פון גאָלד געזונגען.

געווירצט מיט ביבל־פּסוקים נאָכאַנאַנד,
געדאַנקען ווי מיט נאָדלשטעך געבונדן;
און — ווי אַ העלד פון אומבאַקאַנטן לאַנד —
אַ בייַנקשאַפט אַזאַ גאָלדענע געצונדן.

געשאָקלט האָבן אַלטע לייט די בערד,
דעם פלאַץ אין מאַרק געהייסן מאַכן ברייטער;
האָט זיך איבערן גאָרן לאַנד דערהערט
דאָס בלאָזן ווי פון אויסלייזערס טרומייטער.

דער פרעמדער דערציילט:
אַריבערן טייך
איז פאַראַן, איז פאַראַן אַ קעניגרייך;
זייַנען דאָרטן דריי גרייזן געזעסן

פערציק טעג אָן טרינקען, אָן עסן,
און געטראַכט בייטאָג, און געטראַכט ביינאַכט,
און האָבן אַפּן פערציקסטן טאָג דערטראַכט:
אַז מען זאָל זיך שטעלן טורימלאַך בויען,
און מען זאָל אין די טורימלאַך אָנפּאַרטרוייען;
וועלן פון טורימלאַך זילבערנע רויכן
ביז צו גאָט ברוך הוא דערגרייכן;
וועט מען זיי צובינדן צו די עקן
צעטעלאַך ווייסע מיט גאָלדענע פלעקן,
וועט ער די צעטעלאַך זען, וועט ער וויסן
אַז דאָס לאָזט מען אים פון אונטן גריסן;
וועט ער זיך זייער מיט דעם דערקוויקן,
און וועט פון אויבן אַרונטערשיקן
זיין פילגעליבטן מענטשן,
וואָס וועט אונז אין זיין נאָמען בענטשן.

אוי, וועט עס דאַן אַ טאָג אַזאַ זיין,
אוי, וועט עס זיין אַ מעשה;
דריי מאָל אַ טאָג וועט מען טרינקען וויין,
און עסן בולקעלאַך ווייסע.

און גילדערנע יאַיכלאַך ט'מען עסן מיט הון,
און צוקערלאַך וועט מען שלינגען;

ביטאָג ט׳מען זיך וואַרימען אַף דער זון,
און פייגעלאַך וועלן זינגען.

ביינאַכט ט׳מען שלאָפן מיט ווייבעלאַך שיין
וואָס שמעקן ווי בלומענקראַנצן;
און דאָס וועט אַלץ זיין פאַר אונז אליין,
און דאָס אַלץ פאַר אונז אינגאַנצן.

די מעשה איז גוט און די מעשה געפעלט;
האָט מען זיך טורימלאַך בויען געשטעלט.

ווינטער גייען ווינטן אוף,
זומער — זון פון אויוון;
און די טורימלאַך אַרוף
וואַקסן ווי אַף הייוון.

זיינען די יאָרן געבוירן געוואָרן
ווי קינדער מיט זון אין די אויגן;
האָבן זיך יאָרן, ווי זילבערנע רויכן,
צום לאַנד צו דעם ווייסן געצויגן.

די טורימלאַך זיינען ווי גרעזער געוואַקסן
אין זומערדיקזוניקע שלאַקסן ;
דאָ האָט מען דערמאָנט זיך : מען האָט גאָר פאַרגעסן
ווי הויך דאַרפן טורימלאַך וואַקסן.

האָבן דריי שלוחים גענומען די פעק
און זיינען אין לאַנד פון די גרייזן אַוועק
דורך ווינט און דורך זון און דורך רעגן,
באַ אַלטיטשקע גרייזן צו פרעגן.

אַף יענער זייט טייך וואו עס פאַנגט זיך אָן צייט
זיצן דריי טויטע, דריי אַלטיטשקע לייט,
דריי גרייזן — דער ספר ליגט אָפן ;
האָבן דריי שלוחים געבלעטערט, געזוכט,
און גאָרנישט אין ספר געטראָפן.
אַ טאָג איז געלעגן פאַרחלשט און מיד,
זיינען דריי שלוחים געקומען צוריק.

דער זינגער טאַאַ איז אַרוים און געלייענט
אין מאַרק אַ קלאָגליד פאַר אַלע ;
און אַלע אין מאַרק האָבן הויך געוויינט
ווי צו קדושין פון חתן־כלה.

געפאסט האָט מען נאָכדעם טעג נאָכאַנאַנד,
און לאַנג איז דער טרויער געשטאַנען;
און עס האָבן ווייבער פון גאָרן לאַנד
ניט צוגעלאָזט צו זיך די מאַנען.

נאָר בּיסלאַכווייז האָט זיך דאָס לעבן געשטאַרקט,
און דער טרויער איז געוואָרן גרינגער;
און אימיצער האָט גערופן אין מאַרק
שוטה, טאַאָ דעם זינגער.

און פון דעמאָלט אָן און אַף ווייטער אויך
איז פאַרבליבן פאַר אונז אַ מעשה
מיט גאָלדענע שפּיצן אין דער הויך,
און מיט פענצטערלאַך ווייסע.

# דאָס לעבן וויל אַ מעשה הערן

אַז דאָס לעבן זיינס נעמט און טוט זיך אַ צעוויין
ווי אַן אשה וואָס איר איז נמאס געוואָרן צו לעבן מיטן מאַן;
האָט ער געפּרואווט מיט אים אַריינ׳טענה׳ן אַז ס׳איז אַזוי ניט שיין,
און אַז אַף דער וועלט זענען נאָך אומגליקלאַכערע פאַראַן.

אַז דאָס לעבן זיינס האָט זיך אָבער ניט געלאָזט אַזוי פאַרנאַרן,
האָט ער אים געפּרואווט פאַרוויגן מיט אַזאַ־אָ מעשה:
— כ׳וועל דיר אַף דער בירזשע אַקציעס איינקויפן, מיין ליבער,
וועלן אַקציעס וואַקסן ווי אַף יונגע בוימער באַרן,
ווי די וואָל אַף שעפעלאַך אַף ווייסע.

אַז עס וועט דער ליבער זומער זיך באַווייזן וועלן מיר קלייבן רענדלאַך,
און ווי אוגערקעס פאַרפּאַקן זיי אין קופּערפענדלאַך;
וועלן פענדלאַך לויכטן ווי די זיבן זונען;
פאַר אַלעמען וועלן מיר דערציילן, אַז מיר האָבן געפונען
דאָס גאָלדן שליסעלע צו דער ליכטיקייט פון דער וועלט.

וועט מען פון אַלע זייטן קומען אַף גיך צולויפן
טראַפּנס ליכטיקייט אַף יום טוב קויפן,
און מען וועט באַצאָלן מיט גאָלד און זילבערגעלט.
וועט הערן פון דעם דאָס מיידל מיט די בלויע אויגן און
בלאָנדע האָר,
וועט זי קומען צולויפן און זען ווי עס זיצט אַ ליכטיקע די וואָר,
און זינגט אַזאַ געזאַנג, אַזאַ געזאַנג!
וועט זי ניט טראַכטן לאַנג,
און מ׳וועט פּראַווען אַ חתונה אַף לאַנגע און גליקלאַכע יאָר.
וועט זי האָבן פיר קינדערלאַך קליינע, וועלן קינדערלאַך
וואַקסן
ווי די זאַנגען אין פעלד, אין זומערדיקע שלאַקסן,
מיט בלאָנדע קעפּלאַך און בלויע אויגן;
וועט מען זאָגן:
די פיר גוטע מלאכים זיינען געקומען צופליגן
אין אַלעמענס הערצער די ליבע איינצופלאַנצן,
וועט מען זיך אָוועקלאָזן פאַר שמחה אין די גאַסן טאַנצן.

אָבער אַז דאָס לעבן זיינס האָט זיך ניט געלאָזט פּאַרוויגן
מיט אַזאַ־אָ מעשה און מיט אַזאַ־אָ ניגון,
און האָט ווייטער געטאָן, ווי זיין שטייגער איז, קלאָגן,
און האָט אים אַ פרעג געטאָן:
— טאָמער פּאַרקערט?

האָט ער צו אים אַזוי געטאָן זאָגן:
— מיר וועלן זיך פֿאַרלאָזן צוויי לאַנגע בערד,
און פֿאַר די לעצטע פֿאַר גראָשן געלט
וועלן מיר אַ שפּילאינסטרומענט זיך קויפֿן,
און אויסלערנען עטלאַכע פּסוקים תורה,
און גיין וועלן מיר איבער גאַס און הויפֿן,
און שפּילן און זינגען פֿון דער וועלט דעם בורא;
און פֿאַר אַלעמען וועלן מיר אונזער חכמה באַווייזן, —
וועט מען אונז אָננעמען פֿאַר צוויי וואונדערלאַכע גרייזן
פֿון אַ לאַנד ניט קיין היגן,
און אַז מיר ווייסן מסתמא דעם סוד פֿון דער וועלט.
וועט מען איבער אונז זיך נעמען קריגן,
ביז מ'וועט אַרויסציִען מעסערלאַך שאַרפֿע,
און שפּילן אַף גאָרגלען אַזוי ווי אַף האַרפֿן
אַזוי לאַנג, ביז מ'עט בלייבן ווי שטילינקע שעפּעלאַך ליגן;
וועט אופֿגיין פֿון דער ערד אַזאַ וואונדערלאַכער ניגון
ווי פֿון פֿייגעלאַך אים שבת שירה;
די זון וועט זיך באַווייזן און וועט שפּילן אַף אַ גאָלדענער לירע;
נאַקעטע וועט זיצן דאָס לעבן אונטער אַ בוים מיט גרינע צווייגן,
טרינקען זון און עסן ברויט מיט פֿייגן.

# באַלאַדע פון דעם שטערנזעער

אַז דער שטערנזעער האָט איינמאָל דערזען דורך זיין טרויב
ווי עס טונקלט און לעשט זיך אַ פּלאַנעט,
אַזוי ווי מען זעט אַמאָל דורך אַ שויב
אַ גוסס אַף אַ בעט,

האָט ער מיט דער האַנט זיך דאָס פּנים פאַרשטעלט,
און געקלאַפּט מיטן קאָפּ אָן דער ערד;
ווייל געזען האָט ער דעם סאָף פון דער וועלט,
און משיח וואו איז אַף זיין פערד?

אינמיטן פון שטאָט אַף אַ רוישיקן ראָג
צעשרייט ער זיך: הערט מיך, אָ, הערט! —
נאָך איידער די נאַכט וועט זיך בייטן מיט טאָג,
וועט אונטערגיין וועלט און ערד.

איז ווער זאָל הערן אַז אַ מענטש שטייט און שרייט,
און רייסט זיך די האָר, און וויינט;
נאָר אַז ס'גייט אַ הור מיט אַ הינטל פאַרביי,
שטעלט זי זיך אָפּ און שטוינט.

זי זעט אַז זיין פּנים איז יונג און שיין,
נאָר דער קאָפּ איז, ווי שטערן, ווייס;
זאָגט זי אים אַז פון דער וועלט דאָס פאַרגיין
איז אויך שוין ניט קיין נייס.

זי זעט אַלע נאַכט, ווי אַ טויטן גוף,
די וועלט הייגגען אַף אַ שטריק;
נאָר יעדן פרימאָרגן די זון גייט אוף,
און די וועלט גייט אוף צוריק.

צעבליט זיך זיין בלוט ווי רויטער מאָן,
און ער פאַלט און קושט איר די שיך;
און רופט איר הייליקע מוטער אָן,
און הייליקער זון רופט ער זיך.

דאָס לעבן אַף גאַס שטראָמט ווי שטאַרקער וויין,
און גליט ווי פייער אין ווינט;
און אין דעם טונקל פון נאַכט אַריין
פאַרשווינדן מוטער און קינד.

און ווען דער פרימאָרגן אַף גליאיקע הענט
טראָגט דער וועלט הויפּנס זון און פרייד;
צעשמייכלען זיך שטאָטיקע גאַסן און ווענט
ווי זיי וואָלטן צו וואָס זיך געגרייט.

# אַ מעשה וועגן גאָלדענעם ליגן

אַז דער גרייז פון דער וועלט האָט ניט געקענט שוין מער
דאָס געוויין פון זיין אַלטקייט פאַרוויגן,
האָט ער געטראַכט אַהין און געטראַכט אַהער,
און דערטראַכט זיך צום גאָלדענעם ליגן.

— פלי, פלי מיין גאָלדענער ליגן אַרוים
אַריבער אַלע טייכן,
און שמיד מיר אַ גאָלדענע מעשה אוים
פון לענדער און קעניגרייכן.

איז גאָלדענער ליגן אַוועק, אַוועק
איבער טייכן און לענדערייען
אַף פליגל פון נעכט און אַף פליגל פון טעג,
מיט גאָלדענע כלי זיין.

שטעלט גאָלדענער ליגן זיך אָפּ אַף סקווער,
טוט אַ פויק אין זיינע טאַצן;
טוט אַ שפרונג אַהין און אַ שפרונג אַהער,
וואַקסן אוים גאָלדענע פּאַלאַצן.

ציילט גאָלדענער ליגן אָפּ זעקם קלעפּ,
נעמט די זון זיך אַ מידע טוקן;
קומען קינדער אַרוים מיט ווייסע קעפּ,
און וואונדערן זיך און בוקן.

און ווען דער פרימאָרגן אַף דער וועלט צעקלינגט
דאָס וואונדער פון מויל און אויגן;
שטייט גאָלדענער ליגן אַף סקוועֶר און זינגט
פון אַ פייגל וואָס איז געפלויגן.

אַ פייגל וואָס איז געפלויגן ביינאַכט
און גאָלדענעם פעדער פאַרלוירן;
פון אַ מויד וואָס האָט מיט אַ יונג פאַרבראַכט
און נאָכדעם אַ גאָט געבוירן.

זעט גאָלדענער ליגן: פון קלויסטער און קלויז
גייט גלויבן אין האַרץ באַהאַלטן;
שפרייט גאָלדענער ליגן די פליגל אויס
און פליט צוריק צום אַלטן.

און ער דערציילט אים, אַזוי און אַזוי,
הער נאָר אַ שיינע מעשה, —

נאָר דער גרייז פון דער וועלט ווערט נאָך ווייסער פון שניי,
און ער ביינקט נאָך אַ ציג נאָך אַ ווייסער.

און נאָך אַ מעשה פון וואַלד און פון בער.
און ער בעט זיך ביים גאָלדענעם ליגן, —
ווייל עס קען דער גרייז פון דער וועלט ניט מער
דאָס געוויין פון זיין אַלטקייט פאַרוויגן.

## אַ מעשה ווי אַזוי דאָס פּאַטערלאַנד
## איז געגאַנגען איינגעמען די וועלט
## פאַר זיין גאָלדענעם מיידל

דאָס גאָלדענע מיידל איז גוט און ליב געוואָרן,
און מיטגעגעבן אים צען קושן אַפן וועג,
בשעת דאָס פּאַטערלאַנד האָט אָנגעטאָן די שפּאָרן,
און איז מלחמה האַלטן מיט דער וועלט אַוועק.

אַף פעלדער פאַרזייטע צייטיקן זאַנגען,
און זומערטעג גליען זיך אויס אין געזאַנגען;
און דאָס פּאַטערלאַנד איז מיט טריט מיט לייכטע געגאַנגען
די וועלט פאַר זיין גאָלדענעם מיידל צו פאַנגען.

אַף אַ פעלד אַ פאַרמאַטערטן ליגט דער זיג,
און ער וויינט, ווי נאָך דער מאַמען, אַ קינד אין וויג;
נאָר דער שונא האָט פאַנגען זיך ניט לאָזן געוואָלט,
האָט אים פּאַטערלאַנד אָנגעבאָטן צען פוד מיט גאָלד.

טראַכט דער שונא: צען פוד מיט גאָלד איז שוין בעסער, —
און ער טוט אַ טאַנץ ווי אַ קלאָון אַף אַ מעסער,
און ער זאַמלט צונויף זיין האַק און פּאַק,
און טוט אַ טאַנץ אַריין צום פּאָטערלאַנד אין זאַק.

---

טראָמפּייטן האָבן זיך צעוויגט,
און פידלען האָבן זיך צעהוליעט;
ס׳גייען פּאָטערלאַנד און וועלט צוריק
געאָרעמט, הינקענדיק אַף קוליעס.

און ס׳פלעכטן הענט זיך אַרום זיי,
און ס׳טאַנצן שיכור׳ע יעוונוכן;
ס׳גייט פּאָטערלאַנד אַרוף בראָדוויי
זיין מיידל גאָלדענע צו זוכן.

---

און אַז ער הויבט אוף די אויגן אַזוי ווי צו גאָט געווענדט,
זעט ער אַ שטיינערנעם פּאַלאַץ פון גאָלד און זילבער די ווענט;
אינווייניק ס׳גאָלדענע מיידל מיט אַ צעלאָזטן צאָפּ,
האַלט אַף די הענט און זי ליוליעט אַ קינד מיט אַ שפּיציקן קאָפּ.
מיינט ער ס׳האָט מוטערל מאַריע זיך ווידער באַוויזן אין שטאָט,
און ס׳איז געבוירן געוואָרן אַף ס׳ניי דער אַמאָליקער גאָט.

זעט ער באַשיינפּערלאַך, ווייס ער, אַז גאָט האָט באַוויזן אַ נס;
זעצט ער זיך פאַסטן און דאַוונען ביים פּאַלאַץ אַ גאַנצן
מעסלעס;

מיינט ער פון איצט אָן וועט פליסן נאַר מילך און האָניק
אין לאַנד;
הויבט ער זיך אויף אַף די קוליעס און נעמט אָן די וועלט
פאַר אַ האַנט,
און ער נעמט זינגען אַ תפילה, און טוט מיט דער קוליע אַ פאָך,
קומען צען נאַקעטע מיידן אַרויס און זיי האַלטן אים נאָך.

פאָרט פאַרביי דאָס פאָלק אַף אַן אייזל מיט אַ קאָפּ ווי אַ פאַקל,
און ער דערזעט אינמיטן גאָס אַזאַ וואונדערלאַכן ספּעקטאַקל;
צינדט זיך אָן אין אים אַ הייליקע פרייד,
און אַז ער קומט אַהיים, דערציילט ער וואונדערלאַכע רייד
פון בעטלער צוויי מיט זון אַרום קאָפּ ווי גאָלדענע קראַנצן,
און פון צען נאַקעטע ווייסע מלאכים וואָס טאַנצן;
און אַז פון לאַנד דער וואונדערלאַכער גרייז
זאָגט, אַז דאָס איז אַ באַווייז
אַז עס וועט זיין אַ יאָר פון גאָלדענע יאַרידן,
און אַז גאָט האָט געשלאָסן מיט אונז אַן אייביקן פרידן.

# אַ מעשה וועגן גאָלדענעם ריטער

שטייט די וואָר מיט בלינדע אויגן
אַפּן מיטן דרויסן;
פאָרט פאַרביי דער גאָלדענער ריטער
אין קעדילאַק אין גרויסן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— אין קעדילאַק אין גרויסן.

פאָרט און פאָרט דער גאָלדענער ריטער,
ביז ער קומט צו פאָרן;
און ער הייסט זיך הויבן, פירן
ביז דעם העכסטן גאָרן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— ביז דעם העכסטן גאָרן.

קומט אַרויף דער גאָלדענער ריטער,
עפנט זיינע שלעסער;
זעט ער, אַנשטאָט גאָלד, ווי ס'קוקן
אויגן פון די פעסער.

זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— אויגן פון די פעסער.

הייסט ער רופן די חכמים,
ראַטגעבער און קענער;
קומען זיי פון אַלע זייטן,
פּאַכן מיט די פענער.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— פּאַכן מיט די פענער.

און נאָך לאַנגע טעג און וואָכן,
קניען זיי און בוקן,
און זיי קענען ניט דערקלערן
פאַר וואָס אויגן קוקן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— פאַר וואָס אויגן קוקן.

הייסט ער טעפּ מיט קוילן ברענגען,
און די אויגן ברענען;
בליען אויגן אויף ווי זונען
ביז ניט צו דערקענען.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— ביז ניט צו דערקענען.

הייסט ער אין די גלאָקן קלינגען,
בלאָזן אין טרומייטן;
און ער שיקט שטאַפּעטן הייסן
אַלעמען זיך גרייטן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— אַלעמען זיך גרייטן.

עפענען זיך טיר און טויער
צו דעם סאָף פון סאָפן;
גייט דער זיג אין גאַס אַף קוליעס,
בעטלט אַף צו שלאָפן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— בעטלט אַף צו שלאָפן.

וויקלען זיך די טעג פון קנוילן,
ווי פון רעדער פאַסן;
זינגט די וואָר מיט בלינדע אויגן
איבער אַלע גאַסן.
זינג מיין פויגל, זינג מיין פויגל:
— איבער אַלע גאַסן.

## באַלאַדע פון לאַנד געהירן

אונטער זיבן הימלען,
אונטער זיבן שלעסער,
ווערט געבוירן לעבן
אַפן שפּיץ פון מעסער.

אַפן שפּיץ פון מעסער
שפּילן זיך קאָלירן,
שאַפן און באַשאַפן
זיי דאָס לאַנד געהירן.

אינם לאַנד געהירן
יאָגן הייסע טייכן;
בליען און פאַרבליען
זאַטע קעניגרייכן.

אינם לאַנד געהירן
ווייטן ווערן נאָענטן;
שפּילט דער לעצטער הימל
אַף די האָריזאָנטן.

זויגקינדער אין וויגן,
אין געהירנס טראַכטן,
ליגן רעגעס, שעה'ן,
אָוונטן, פאַרנאַכטן.

האַנט און אָרעם שמידן
אָפּגעטער געשטאַלטן;
פירן און פאַרפירן
אין אַ לאַנד אַ קאַלטן.

אין אַ לאַנד אָן לעבן,
מעשות און געזאַנגען, —
זילבער פון געבורטן,
שטויב פון אונטערגאַנגען.

שפּאַנט אַרום דער נביא
אינם לאַנד אַ בייזער;
אַף אַ שטריק, אַ טויטן,
פירט ער דעם דערלייזער.

און דאָס לאַנד געהירן
אַף די גאַסן, ראָגן
בליט אין די פאַרנאַכטן
און אין די פאַרטאָגן.

# אַ מעשה פון שטאָט

אַ הויקער איז ער פאַר דער וועלט און ניט מער,
און קאָזשעלקעס מאַכט ער אַפן סקווער
פאַר קופער און זילבערמינצן;
ער האַלט אַז ער איז פונם סקווער דער האַר,
נאָר לייט רופן אים גרויסשטאָטיקער נאַר
פון די גרויסשטאָטיקע פרינצן.

ער לאַכט פון דער וועלט, און ווען נאָר מען באַדאַרף,
צעוויינט ער זיך שטיל, ווי אין זאַלן אַ האַרף,
מיט פרומע, גאָטפורכטיקע גראַמען;
און די וועלכע רינגלען אים אום אַפן סקווער
ווייסן ניט — לאַכן, צי טאָן פונקט ווי ער,
און וויינען מיט אים צוזאַמען.

ס'איז אַלט זיין געשיכטע אַזוי ווי די וועלט:
אַ מענטש— צי דאָס האָט ער פאַר מענטש זיך פאַרשטעלט,—
געוואָלט האָט דערגרייכן די הייכן;
נאָר פריער האָט עפּעס אַ האַנט פון אַ ריז

מיט גאָלדענעם הענטל אַף בלוטיקן שפּיז
געמאַכט אין דער לופטן אַ צייכן.

האָט בלוטפלעק געבליט ווי אַ רויז אַף אַספאַלט;
פון בלוטפלעק אַרוים האָט אַ קרומע געשטאַלט
אַזוי ווי פון רויך זיך געצויגן;
מיט הענט און מיט פים און מיט הויקער אַף לייב,
מיט ווילן צום לעבן, מיט קינד און מיט ווייב,
און מיט ליכטיקן טויט אין די אויגן.

אַ פריילאַכער הויקער פאַר מענטשן אין שטאָט,
און קאָזשעלקעס מאַכט ער און רייסט זיך צו גאָט,
און שפּאַסט מיט די הערן און דאַמען;
און די וועלכע רינגלען אים אום אַפן סקווער,
ווייסן ניט — לאַכן, צי טאָן פונקט ווי ער,
און וויינען מיט אים צוזאַמען.

## זון אין שטאָט

אַף אַן אָטאָבוס איז זון געקומען אין שטאָט אַריין צופאָרן,
אַרונטער, און מיט לייכטע טריט איבער גאַסן זיך פאַרנומען;
האָבן זיך ווענט געסוידעט, האָבן זיך געסוידעט די מאָטאָרן:
אַ גאַסט אין שטאָט, אַ גאַסט אַ ליכטיקער געקומען.

זון גייט איבער גאַסן, איבער עווענױס, צעוואָרפט גוטמאָרגנס
אין אַלע זייטן;
גוטמאָרגנס ליגן אַף טראָטואַרן, ניטאָ ווער זאָל אויפהויבן,
ניטאָ ווער זאָל נעמען;
הענט אַף רעדער, פיס אַף רעדער, קעפּ אַף צייטן,
איינסן, נולן טאַנצן אין די אויגן, שפּילן זיך אַף ברעמען.

זון טוט אַ שמייכל: באַלד וועט פרייליך ווערן;
שלעפּט אַרויס פון אונטער דער פאָלע אַ קאַטערינקע און נעמט
שפּילן;
שפּיל פון קאַטערינקע ווערט אין גאָלדענע רענדלאַך פאַר־
וואַנדלט,
שיטן זיך גאָלדענע רענדלאַך ווי שטערן,
האָ־האָ, טירן פראַלן אוף, אַ גאָלדענער יום טוב, הינט בילן.

א גלאָק צעקלינגט זיך; אַ סיגנאַל; פּייערלייט פאָרן;
פּאָליציאַנטן רייטן;
ווער האָט די שפּייכלערס אופגעעפנט? ווער האָט אופגעשלאָסן
די שלעסער?
וואו איז דער שונא? — די קאַטערינקע שפּילט, שפּילט,
עך, סאַראַ מאָדנע צייטן, —
בירגער האַלטן גרייט די וואָפן! בירגער שאַרף אָן דעם
מעסער!

טאָג טונקלט. אַף אַן אַטאָבוס איז זון אַוועקגעפאָרן;
די חכמים באָדן זיך אין טייכן פון חכמה; רעטענישן שפּילן
אַף די שטערנס פון גרייזן;

ווענט סוידען זיך, גאַסן סוידען זיך, עס סוידען זיך מאַטאָרן,
די קאַטערינקע שפּילט און שטערן נעמען זיך באַווייזן.

## דער קעניג שפּילט פּינאָקל

האָט מען צו דעם קעניג שלעכטע נייס געבראַכט:
ס'איז געפאַלן האַלב פון זיין אַרמיי אין שלאַכט.

קעניג מיינער, האַר און מלך, הויב זיך אויף,
צו די בראַווע קעמפער דיינע טו אַ רוף.

טראַכט דער קעניג: אימיצער האָט מאַכן שפּאַס געוואָלט,—
שפּילט ער ווייטער פּינאָקל און וואַרפט מיט גאָלד.

קומט צוגיין דער עלטסטער פליגל־אַדיוטאַנט
האַלב אַ טויטער, אָן אַן אויג און אָן אַ האַנט:

קעניג מיינער, ס'איז דער שונא פלינק און שטאַרק;
פלאַטערן שוין זיינע פאָנען אויפן מאַרק.

נאָר דער קעניג האָט זיך שוין אַזוי פאַרשפּילט;
שפּילט ער ווייטער פּינאָקל און שפּילט און שילט.

זעען זיינע אונטערטאַנען, זיינע קנעכט,
אַז ס'איז ביטער מיטן קעניג, אַז ס'איז שלעכט;

איז ניטאָ קיין אַנדער ברירה באַ דער האַנט:
זען די קעניגן זאָל ראַטעווען דאָס לאַנד.

וואָס קאָן טאָן אַ שוואַכע קעניגן אַליין? —
לאָזט זי זיך צום קאַרטנטיש צום קעניגס גיין.

נאָר געקומען איז זי אין אַ בייזער שעה:
ס׳איז פון קרוין און צעפּטער לאַנג קיין שפּור ניטאָ.

זעט זי אין איר טרויער, זעט זי און פאַרנעמט,
אַז דער קעניג האַלט שוין באַ דעם לעצטן העמד.

זידלט זיך דער קעניג פונם טיש אַראָפּ:
אַז ער דאַרף זיין קעניג ווי אַ לאָך אין קאָפּ.

זעט זי אַז ס׳איז פינצטער שוין איר טאָג און וועלט;
איז געבליבן מער ניט גיין און בעטלען געלט.

גייט פאָרויס דער עלטסטער פליגל אַדיוטאַנט
האַלב אַ טויטער, אָן אַן אויג און אָן אַ האַנט;

און נאָך אים די פרינצן גייען זייט־באַ־זייט,
און זיי זינגען אלי־אלי פאַר די ליבע לייט.

## באַלאַדע פון ליכטיקן טאָג

זיצט ליכטיקער טאָג אַף אַ שטול אַף אַ ווייכן
און שפּילט מיט די אייניקלאַך זיינע און קוועלט;
הערט ער געבעט פון אונטן דערגרייכן
פון די מידע קינדער פון דער וועלט.

קומט אָן פון גאָלד אַ געשמידטע קאַרעטע
געשפּאַנט אַף דריי פליגלדיקע פערד,
דעם טאָג דעם ליכטיקן צו פאַרבעטן
אַראָפּצוקומען אַף דער ערד.

זעגנט זיך ליכטיקער טאָג אָפּ פון אויבען,
און לאָזט זיך אַף טונקעלער ערד אַראָפּ;
זעט ער פון דער וויטן זיך הויבן
אַ ריז מיט אַ גילדענער קרוין אַפן קאָפּ.

מיינט ער אַז ער איז געקומען צו יאָגן
אין לאַנד אין גאָלדענעם פון פרייד,
און בעטלער און קעניג קרוינדלאַך טראָגן,
אַזוי ווי אין דעם פּסוק שטייט.

מיט זון אין די אויגן און מיט באָרד מיט ווייסער
קומט ליכטיקער טאָג אַפן מאַרק צוגיין,
און ער דערציילט פאַר די מענטשן אַ מעשה
פון אַזאַ וואונדערלאַכן שטיין

וואָס ער האָט מיט זיך געבראַכט צופירן,
וואָס מען קען עס ניט קריגן פאַר גאָר דאָס געלט;
און טוט מען עס נאָר מיט אַ פינגער באַרירן,
ווערט אייביק זיין ליכטיקער טאָג אַף דער וועלט.

און אַז ער ווערט אָט דעם שטיין צעטיילן
אַפן מאַרק דאָ פאַר אַלעמען אומזיסט;
הערט עס פון מאַרק דער מכשף דערציילן,
שווערט ער זיך באַ דעם לעבן פון קריסט

אַז דאָס איז דער נאַר מיט די קעלבערנע אויגן
וואָס האָט זיך דאָ פאַר אַ חכם פאַרשטעלט,
און ווי אַ יעגער מיט פייל און בויגן
אַמאָל שיער ניט אומגעבראַכט אַ וועלט.

נאָר גאָט האָט באַוויזן אַ נס אַ גרויסן,
און ווי ער זיינען דאַן געווען קלוגע לייט
וואָס האָבן פאַרשטאַנען וואָס ער איז אויסן,
און מען האָט זיך דאַן געכאַפּט אין צייט.

זעט מען דאָך שוין אַז די האַנט פונם היטער
אַף די קעפּ פון די קינדער ליגט אויסגעשפּרייט;
אַז דער מכשף פון מאַרק איז אַזאַ געניטער,
און ער האָט עס באַוויזן מיט גאָלדענע רייד.

האָט מען פון די טאַשן דאָס גאָלד געצויגן,
און אַ גאָלדענעם ארון אויסגעשמידט,
און אַריינגעלייגט אים, וואָס מיט זון אין די אויגן,
און פאַרזיגלט דעם ארון מיט גאָלדענעם ליד.

און דעם שטיין וואָס מען האָט באַ אים געפונען
האָט מען דאָ אַפן מאַרקפּלאַץ אויפגעשטעלט;
און פאַר די אייניקלאַך האָט מען פאַרשריבן
אַז דאָס איז אַף אייביק אַ זכר פאַרבליבן
פון אַ מכשף אַ קלוגן, וואָס האָט
אַמאָל אינמיטן שטאָט
געראַטעוועט די וועלט.

## באַלאַדע

ער האָט געוויינט, ווי קינדער וויינען בײַ דער נאַכט.
ווען ער איז יונג געווען האָט ער געחלומט און געטראַכט:
אַ מענטש דאָ אויף דער ערד דאַרף האָבן מאַכט,
נו, האָט ער.
די רייטער זײַנען דאַן געקומען אויף די פערד,
די לאַנד-חכמים מיט די לאַנגע בערד
זײַנען געקומען אים אין נאָמען פונם פאָלק צו זאָלבן,
און שײַנקען אים אַ קעניגרײַך אַ האַלבן;
און גאָט אַליין האָט דאָך פאַר פרייד געוויינט
ווען ס'האָבן די חכמים אים געקרוינט.
איז ווי-זשע פּאַסט עס פאַר אַ קעניג וויינען איצט
ווען אויף דעם קעניגשטול דעם גאָלדענעם ער זיצט,
און דער סטענאָגראַפיסטקע בײַ דער זייט באַפעלט
צו שרייבן:
— ניט שפּעטער ווי דעם פופצענטן פון חודש,
מעג אויספאַלן אינמיטן וואָך, צי גאָר אים שבת קודש,
זאָל מען אים צושטעלן די אַנדער האַלבע וועלט.
נאָר וואָס-זשע זאָל ער טאָן?

מען קען דאָך ניט מיט הענט מיט אייגענע דעם טראָן,
וואָס ער האָט אופגעבויט, איצט נעמען און פאַרניכטן;
מען וועט דאָך וועגן אים געשיכטן און געשיכטן
דערציילן און דערציילן אָן אַ סאָף;
און וואָס וועלן די קלוגע לייט דאַן זאָגן,
ווען מ'וועט אָף טעלערלאָך די ניים זיי אונטערטראָגן? —
און לאָמיר זאָגן אַז די צווייטע האַלבע וועלט
האָט מען אים צוגעשיקט אַזוי ווי ער האָט באַפעלט,
און אין די ביכער שוין פאַרשריבן מיט דער דאַטע;
וועט דאַן זיין ווייב שוין מער, אין זיין „ראָלס ראָיס" מאַשין,
מיט איר געליבטן העלד ניט פאָרן אין האָטעל,
און וועט ניט דער שאָפער, ווען ער קומט פאַרנאַכט אים אָפּנעמען,
ניט שטיין ביים שוועל,
און לאַכן אַ געלעכטערל וואָס איז ווי נאָדלען שאַרף און דין?—
און אַז ער זיצט מיט די חכמים פון זיין לאַנד,
און אַז זיין יעדער ריר וואָס ער טוט מיט דער האַנט,
ווערט שנעל ווי בליץ צעטראָגן איבער לאַנד און ערד;
און אַז אין ווייטסטע ווינקלען זיצן לייט מיט בערד
און מוסרן די זין, אַז ווען מען וויל איז אָט,
איז אָט וואו מען דערגרייכט באַם לעבן אָפּן קאַרק,
אַנשטאָט צו וואַרפן שטיינער אין די פענצטער אָפּן מאַרק;

וועט ער ניט פילן ווי די אונטערטעניקייט
פון זיינע קעפּסווייבער און זיינע איידלליט
קריכט אים אין בלוט אַריין און שטעכט אונטערן העמד,
און מאַכט דאָס לעבן זיינס און זיין אייגן בלוט אים פרעמד?—
און אַז ס׳האָט דער וואָס האָט די צווייטע האַלבע וועלט,
אַף שריפטלאַכן באַפעל, אים פינקטלאַך צוגעשטעלט,
דאָס לעבעדיקע האַרץ אַריינלייגן פאַרפעלט ;
איז וואָס־זשע זאָל ער טאָן אַז נאָך די קלוגע רייד
פון זיינע ראַטגעבער, און נאָכן רויש פון טאָג,
צעפּנט זיך דאָס בוך — אַוואו בפירוש שטייט
געשריבן שוואַרץ אַף וויים, אַז לויט דער מאָס און וואָג,
געהערט צו אים די נאַכט און אים געהערט דער טאָג, —
אַז פונם בוך אַרוים
עס שפּרינגען ציפערן מיט הענט און פּיס אַרוים,
ווי פון די מייזלעכער אין אַ פאַרלאָזטן הויז
די מייז, און חוזקן און שטעלן צינגלאַך אוים.
וואָלט וועלט געוועזן אַ פּרוי, וואָלט ער איצט אָפּן שטעל
אין זיין „ראָלם ראָים" מאַשין אַוועק אינם האָטעל ;
וואָלט אפשר ווי אַמאָל אויך איצט זיין אַזאַ שעה,
וואָלט אפשר ווי אַמאָל געבוירן ווערן דאָ
אַ גאָט, וואָס וואָלט אַנטפּלעקט און וואָלט געטרייסט,
און וואָלט אי אים, אי וועלט גלייכצייטיק אויסגעלייזט.

## באַלאַדע פון דעם פּרינץ פון פינצטערניש

אַז דער פּרינץ פון פינצטערניש איז אויפגעשטאַנען
און געטאָן אַ ציִ פון גלעקל די שטריק,
האָט ער זיך דערוואוסט אַז די אונטערטאַנען
זיינען אַלע אַוועק ניט צו קומען צוריק.
נאָר איינער געבליבן אין אַלע הויפן,
איין דינער וואָס איז אים געבליבן געטריי;
האָט ער אים באַפוילן אַ שטול צו קויפן,
אַ שטול אַ ווייכן אַף רעדער דריי,
און טונקעלע ברילן מיט שוואַרצע ראַמען,
און זאָקנבענדלאַך אַ פולע קאָרב,
און אַ פּאַפּוגאַי וואָס זאָל ריידן אין גראַמען,
און מאַכן אים אַף דער פּלייצע אַ האָרב.

וועט ער פויקן אין אַ קופּערנעם קענדל,
און אַנווייזן אַף זיין בלינדן געזיכט;
און וועט באַ דער וועלט, פאַר אַ זאָקנבענדל
מאַנען אַ טראָפּן זון און ליכט.

אַף קאַליקעס האָט די וועלט רחמנות,
און מער נאָך אַף אַ פּאַראַרימטן פּרינץ;
וועט ער זינגען פון הייליקע און מאַדאָנעס,
ביז פול וועט ווערן זיין קענדל מיט מינץ.
וועט ער דעם סקווער דעם רוישיקן קויפן,
און רופן זיינע הויפלייט צוריק,
און וועט אַלע דינער פון זיינע הויפן
שיינקען אַ גאָלדענעם פּעקל מיט גליק.

און באַפוילן וועט ער משיחן ברייינגען,
אַז דאָס פאָלק זאָל ניט דאַרפן זיך פּייניקן מער;
און אַפן פאַרלאַנג וועט ער אים לאָזן הייגען
אין אַ מאַרקטאָג אין מיטן פון רוישיקן סקווער.

וועט יובלען דאָס פאָלק פון פרייד און וועט שרייען,
און ווימן וועט ער פשוט און קלאָר,
אַז ער האָט זיך פאַרזאָרגט מיט אַ גאָט אַ נייעם
פאַר דער צוקונפט אַף עטלאַכע טויזנט יאָר.

# אַ מעשה וועגן דעם פּרינץ פון דער גאָלדענער שטאָט

הערט וואָס עס האָט זיך פאַרלאָפן
באַ אונז, אין אונזער לאַנד:
ס'האָט גאָט זיך צוגעלייגט שלאָפן
אַף דער באַערי באַ אַ וואַנט.

פאָרט פאַרביי מיט זיינע קריגער
דער פּרינץ פון דער גאָלדענער שטאָט;
זעט ער אַ האַלבנאַקעטן ליגן
אַף דער גאַס, אַ שיכורן, גאָט.

טוט ער די קריגער באַפעלן
צו בינדן אים פיס און הענט;
און פירט אים אַוועק הינטער שוועלן
מיט אייזערנע טירן און ווענט.

און נאָכדעם צעשיקט ער שטאַפעטן
מיט גאָלדענעם זיגל אין האַנט,
און לאָזט אין גאָטס נאָמען פאַרבעטן
די פאַרשטייער פונם לאַנד.

און לאָזט גאָלדענע זונען צינדן,
און לאָזט רעגענען מיט זילבער און גאָלד;
ווייל גאָט האָט מיט זיינע קינדער
באַנייען דעם בונד זיך פאַרוואָלט.

פאָרן וועגענער פולע און פאָרן
איבער פעלד, איבער טייך, איבער בריק;
און ריטער, אין גאָלדענע שפּאָרן,
פירן הייליקן וואָרט צוריק.

און שמידן אוים גאָלדענע פאַנען,
ציען גאָלדענע גלאָקן אַרויף;
און דערציילן פאַר די אונטערטאַנען
גאָטס וואונדער און גאָטס רויף.

קניט די עדה הייליק אַנידער
מיטן פּנים אַראָפּ צו דער ערד;
און דאָס גלויבן צעגיסט זיך אין לידער
איבער חכמה פון סיווע בערד.

און דאָס האָט זיך אַלץ פאַרלאָפן
באַ אונז, אין אונזער לאַנד,
ווען גאָט האָט זיך צוגעלייגט שלאָפן
אויף דער באַערי באַ א וואַנט.

# א מעשה וועגן פיר שטאָטפייגל

שטייט אַ טרעמפּ אַף דער גאַס מיט אַ נאַקעטן קאָפּ,
ווי אַ יעזוס פאַרן געריכט;
גייט די וועלט פאַרביי און שטעלט זיך אָפּ,
און קוקט אין איר אייגן געזיכט.

שלעפּט אַרום זיך אַ הור אינמיטן דער נאַכט,
ווי מאַריע, די מוטער, אין פעלד;
גייט די וועלט פאַרביי, שטעלט זיך אָפּ און טראַכט
פון אַ נייעם גאָט פאַר דער וועלט.

שטייט אַ בעטלער און קלאַפּט מיטן קאָפּ אָן דער ערד
אַז טויב איז ער, טויב און בלינד;
גייט די וועלט פאַרביי, שטעלט זיך אָפּ און שווערט:
ס'האָט איר זון פאַרלאָשן דער ווינט.

אין זיין פאַלאַץ פון שטיין, אין אַ גילדערנער קרוין,
שפּילט מיט שעה'ן און טעג דער מאַגנאַט;
גייט די וועלט פאַרביי, דערזעט און בלייבט שטיין,
און נעמט דרייען דעם ציפערבלאַט.

ווערט נאַכט, זינגען גלאָקן דאָס אָוונטגעזאַנג,
און דערציילן פון יענער וועלט;
גייט די וועלט פאַרביי, און דערהערט דאָס געזאַנג,
און נעמט שיטן מיט זילבערגעלט.

צעטאַנצן זיך בעטלער און הור און מאַגנאַט,
ווערט די נאַכט אַזוי רויט ווי אַ וואונד;
שטייט די וועלט און קוקט אַפן ציפערבלאַט,
און עס זידלט דער וואַגאַבונד.

## אַ פערדל אַ יונגער — דאָס לעבן

עס האָבן זיך שעה'ן צוזאַמענגעקליבן,
און טיפקייטן האָבן גענומען זיך פלאַכן,
מיין טרויער אַף אַלע יאָמען צעטריבן,
מיין געזאַנג — אַף אַלע שליאַכן.

עס גייט אוף דאָס לעבן — אַ פערדל אַ יונגער,
און רייסט זיך אין אַלע טירן
אַף פליגל פון שעה'ן געליטערט אין וואונדער
פון טויזנטערליי קאָלירן.

עס קושן זיך גאַסן מיט רעדער פון אַטאָס,
עס האַלדזן זיך שויבן מיט ראַמען;
אַ, גאָלדענער שטויב אַף די שטאָטיקע בלאַטעס
פון טורעמס מיט גילדערנע קאַמען

וואָס קרייען אַרוים צו דער וועלט דעם באַגינען
מיט האַמער געזאַנגען אַף אייזן! —
כ'גיי אוף אַ באַנייטער, אַף אַלטע רואינען,
אין זיבן פאַרכשופטע קרייזן,

מיט טונקעלן גאָלד פון פאַרשטויבטע ארכיוון,
אַף עווענויס, גאַסן און סקווערן;
די טיפקייט פון אייגענעם וואָרט צו דערטיפן,
מיין אייגן געזאנג צו דערהערן,

אין ציגל פון מויער, אין שטיין פון די גאַסן,
אין ווירבל פון מענטשן און קעבן;
איך שפּאַן — און מיט מיר, אין קאָלירפולע פּאַסן,
א פערדל אַ יונגער — דאָס לעבן.

## באַלאַדע פון מיינע טעג

מיינע טעג זיינען פוסגייער שווערע און גלויביקע,
און בריקן — מיין פרייד און זאָרג,
צו דערגיין צו דער שטאָט, דער זינדיק־הייליקער,
צו דער שטאָט וואָס הייסט ניו יאָרק.

מיינע טעג צינדן לאָמפּן אױף ראָגן פיר־אייליקע,
אויף הארץ פון דער גאַס און פון סקווער,
צו באַלייכטן דעם וועג צו דעם זינדיק־הייליקן
וואָס הייסט איך און דו און ער.

מיין אָטעם גליט אויס אין דער שטאָט אין דער רויכיקער,
אין טאָגיקן רויש — מיין קול;
צו דערקענען די וועלט, די זינדיק־הייליקע
אין געזאַנג פון קאַלטן שטאָל.

מיינע טעג זיינען פוסגייער שווערע און גלויביקע,
און בריקן — מיין זאָרג און פרייד,
צו דערגיין צו דעם לעבן דעם זינדיק־הייליקן
דורכן לאַנד פון ווייסן טויט.

## אין דערוואַרטונג

מיט דערוואַרטונג פינטלען לאָמפּן אַף די ראָגן,
אויגן פון די גאַסן, שטומע וועלט-באַטראַכטער;
שטילע איינזאַמקייטן נאַכטן זיך און טאָגן
הינטער טויער, הינטער אַ פאַרמאַכטן.

ס׳וואַרטן גאַסן, פענצטער וואַרטן, ס׳וואַרטן מענטשן;
זייגערס טיילן זיך מיט שטיקער אייביקייטן;
ווער ס׳וועט וויינען, ווער ס׳וועט שילטן, ווער ס׳וועט בענטשן
יענעם אָנקום, יענעם אופבליץ פון די צייטן.

אַף די טישן קלינגען גאָפּלען, זינגען מעסערס,
טירן וואַרטן אומגעדולדיק, ווילן זיך צעפּראַלן;
צוגעשלאָסן, נאָך די שליסלען ביינקען שלעסער,
ס׳הויבן אָן זיך צו באַוועגן פעדעסטאַלן.

איינס צום צווייטן גיבן איבער סודות טעלעגראַפן,
אַף די שרייב-מאַשינעס קלאַפּן זוכנדיקע פינגער;
יאַמען רוימען איין צו שיפן, שיפן צו די האַפנס,
קלאַנג פון אופברויז ניט אַנטפלעקטן, אופבונד פון די צינגער.

רעדער קייקלען שטיקער צייטן אָנגעשטרענגט צום פּלאַצן,
פּיס מיט טראָטואַרן שפּילן ווי אַף דיל פון זאַלן;
בלויע אָדערן געצויגן, ווי דאָס בלעך אַף טאַצן,
טראָגן האַסטיקע געבליטן ווי די וואַסערפאַלן.

ווי דאָס זונשיין אַף די שויבן שפּילט קאָליר פון ראַסן
איבער גאַנצע בערג געשיכטע, אַף אַרכיוון־שטויבן;
טראָטואַרן, שוועלן, טירן, סקווערן און טעראַסן,
שיפן, רעדער, הענט און הערצער וואַרטן:
וו־אָ־ר־ט פון ג־ל־ו־י־ב־ן.

# באַלאַדע פון איינעם אַ מענטש

שוין גענוג, זאָגט ער, שוין גענוג געשמאָלצענעם גאָלד צו
טרינקען,
ווי פוטער מיט מילך בשעת מען האָט אַף דער ברוסט אַ
פאַרקילונג;
איצט, זאָגט ער, וואָלט מען באַדאַרפט אַ ביסל זינגען,
און, אויב מעגלאַך, אַף עפּעס אַן אינסטרומענט צו שפּילן.

די טעג, זאָגט ער, מאַכן אים טרויעריק ביז צום שטאַרבן;
ער האָט שוין געדעט וועגן דעם מיטן ווייב און מיט עטלאַכע
שכנים;
און אויב מען קען ניט נעמען די טעג און זיי איבערפאַרבן,
איז לאָז מען זיך סתם אַזוי פרייען אַלע אינאיינעם.

די שכנים זאָגן: די צייט איז צו קורץ און לאָזט ניט לעבן,
און דאָס טרויעריקע ווייב זיינס זאָגט אַז ער איז אַרונטער
פון זינען;
האָט ער זיך אַוועקגעזעצט שניצן אַ פידל אַזאַ וואָס וועט געבן
אַ שפּיל, ווי מיט פינגער מיט בלויע אַף דער וועלט דער
באַגינען.

אין קליינע, גילדערנע טרונעלאַך האָבן מענער די פרייד
געטראָגן,
אַף די גאַניקעס האָבן ווייבער אויסגעוואָרימט דעם שטילן
חלום פון א דור;
אַ מידער איז דער טאָג פאַרבייגעפאָרן אין אַ גרויסן, פולן
וואָגן,
קינדער האָבן געשפּאַסט מיט אים, און אים נאָכגעוואָרפן
שטיקלאַך קלינגענדיקע וואָר.

געווען אַ צייט ווען ער האָט שיער דאָס לעבן מיט די אייגענע
הענט צעריבן,
אַזוי לייכט, ווי מען צערייבט אַף אַ בלעכענעם ריבאייזן מערן;
ווי אַ בלאַסער זונפאַרגאַנג איז דאָס ווייב אַנטקעגן אים דאַן
שטיין געבליבן,
און די קינדער, מיט די אומעטיקע אויגלאַך, האָבן אים
אַרומגערינגלט ווי פאַלנדיקע שטערן.

ער האָט שוין געהאַט אַ קברל אויסגעגראָבן פאַר זיין פרייד
און ווי פון אַ בוך גענומען די לעצטע ווערטער
לייענען,
און ס'איז געשען אַז ער האָט שוין געהאַט מיט אַזוי פיל
טרויער אַרומגערינגלט דעם וועזן פון לעצטן וואָרט,

האָט ער דערהערט אין אַ ווינקל פון שטוב ווי דאָס לעבן
האָט, ווי אַ קעצל אַ קראַנקס, גענומען וויינען,
איז אים באַפאַלן אַזאַ גרויס רחמנות אַז ער האָט זיך ניט
געקענט רירן פון אָרט.

מיטנטאָג איז געשטאַנען און אין אַ וויגעלע די זון געוויגט
בשעת ער האָט אױף דער פידל שפּילן גענומען,
ווי געזאַנג פון ערשטגעבוירענער ערד האָט איבער דער גאַס
געציטערט אַ ניגון;
פון אַ זייטיק געסל אַרוים, אין אַן אַלטן כאַלאַט, איז גאָט
צוגיין געקומען,
זיך אָנגעלענט מיטן האַנט אָן פענצטער, די מאָרדע אױף דער
האַנט, און געהערט און געשוויגן.

## באַלאַדע פון דעם מענטש
## מיט די אומעטיקע אויגן

דער מענטש מיט די פולע קעשענעס טרויער און מיט די
אומעטיקע אויגן
שטייט אַנטקעגן מיין שטוב מיט טענות און מיט מאַנענדיקע
רייד :
— וואוהין, פרעגט ער, איז דער גילדענער פויגל
אַוועקגעפלויגן,
און וואו איז דאָס ליד וואָס איך האָב אים געזונגען, און די
צוגעזאָגטע פרייד ?

צו דעם מענטש מיט די אומעטיקע אויגן איז די ליבע געקומען
צופאָרן
אין אַ ווייכן וועגעלע פון אַן אומבאַקאַנטן לאַנד ;
אין אַ ווייכן וועגעלע איז די זון איר נאָכגעפאָרן,
און אַ טאָג אַ ליכטיקן געפירט ווי אַ אינגעלע בא דער האַנט.

די ליבע האָט אים געבוירן צוועלף קינדער מיט אומעטיקע
אויגן,
און זיך אַרויסגעגאַנוועט פון שטוב ארוים, ווי אַ שאָטן ווען
די זון קומט אָן ;

האָט דער טרויער פאַר זיין טיר זיך צעשפּילט ווי אַף אַ פידל
אָן אַלטער בויגן,
האָט די וואָר, ווי אַ פאָן אַף אַ ליידיקן הויז, פאַר זיין טיר
אַ פלאַטער געטאָן.

האָבן קינדער די וואָר פאַר דער טיר דערזען און זיך דערשראָקן
און וויינען גענומען,
איז די גאַס אַ בייזע געקומען צולויפן און פאַר זיין טיר זיך
אַוועקגעשטעלט;
האָט דער מענטש מיט די אומעטיקע אויגן דערציילט, אַז זיין
ליבע איז אים נאָר-וואָס ערגעץ אַהינגעקומען,
און אַז אָן ליבע איז אים זייער אומעטיק צו לעבן אַף דער
וועלט.

איז די גאַס געשטאַנען און געקוועטשט מיט די פּלייצעס
אַז ניט אַנדערש נאָר ער איז פון זינען,
און אַז זי וויל ניט הערן מער דאָס געוויין ווי פון הונגעריקע
וועלף;
האָט דער מענטש מיט די אומעטיקע אויגן געזוכט עפּעס
וואָס צו געפינען
אַף איינצושטילען די קינדער זיינע די אומעטיקע, די צוועלף.

האָט דער מענטש מיט די אומעטיקע אויגן געפרעגט צי ווילן
זיי אַ מעשה הערן,

און ברויט מיט פוטער פאַנאַנדערגעטיילט און צוקערלאַך
פאַר יעדערן אַ פּאָר;
און טיר און פענצטער האָט ער אופגעעפנט אַזוי, אַז אַלע
זאָלן הערן,
און ער האָט געזונגען וועגן וואָר, וועגן בלאָנדע האָר, אַזוי
שיין, אַזוי פשוט און קלאָר.

די קינדער האָבן געהערט זיינע פשוטע רייד: אַז די וואָר
איז אַ גילדערנער פויגל.
אַז די נויט איז אַ גוטער אַלטיטשקער וואָס האָט מעשות
אַזוי ליכטיק ווי גאָלד;
און ווי נאָר ער האָט דעם סאָף דערציילט, האָבן זיי אים
געמאָנט צו גלעזער מילך מיט בייגל,
און זיי האָבן ווידער וויינען אָנגעהויבן און האָבן אים אופעסן
געוואָלט.

איז ער קוים מיטן לעבן אַהער אַנטלאָפן, דער מענטש מיט
די אומעטיקע אויגן,
און ער שטייט אַנטקעגן מיין שטוב מיט טענות און מיט
מאָנענדיקע רייד:
— וואוהין, פרעגט ער, איז דער גילדערנער פויגל אַוועק־
געפלויגן,
און וואו איז דאָס ליד וואָס איך האָב אים געזונגען, און די
צוגעזאָגטע פרייד?

## באַלאַדע פון לויטערער וואָר

ס'איז געווען שפּעט ביינאַכט. גוטע מענטשן זיינען געשלאָפן,
און אין הימל איז געשלאָפן יעהאָווע.
איבער שטאָט און לאַנד האָט די לבנה אַליין געוואַכט אַזוי
ליכטיק און קלאָר;
איז אַף אַלטן פאָרד פאַרבייגעפאָרן דער אַלטיטשקער
עליענאָווע,
און פאַרזייט באַ פענצטער, און פאַרזייט באַ טירן קערנדלאַך
פון גרויער וואָר.

אַז די גוטע מענטשן זיינען אין ליכטיקן באַגינען פון די בעטן
אופגעשטאַנען,
האָבן וואונדערלאַכע ביימער פון גרויער וואָר געזוּנגען באַ
פענצטער און טירן;
איז מען פון אַלע זייטן אָנגעפאָרן אין גילדערנע געשפּאַנען,
און גענומען פולע וועגענער גרויע וואָר איבער גאַסן
פאַנאַנדערצופירן.

פון די טורעמשפּיצן האָבן זייגערס גענומען דעם יום טוב
פון וואָר אָנצוזאָגן;
רעדער האָבן זיך צעשפּילט; העמערלאַך האָבן זיך צעטאַנצט

און טעלעפֿאָנען האָבן גענומען זינגען;
אַלטע לייט האָבן זילבערנע קרוינען פֿון וואָר איבער די גאַסן געטראָגן,
יונגעלייט האָבן פֿאַר די געליבטע זייערע אויסגעשמידט חתונה־רינגען.

דער קאַטערינשטשיק האָט זיך באַוויזן און האָט לכבוד דער וואָר אופגעשפּילט אַזאַ וואונדערלאַכן ניגון,
קופּערנע מטבעות האָבן געצימבלט אַף טאַצן, ווי ציגיינערטעס מיט לייכטע פֿינגער;
די שענסטע מיידן זיינען אַרויסגעקומען און אין טענץ זיך גענומען וויגן,
מיט פּערזן, ווי פּערל געקליבן אַף שנירלאַך, האָבן זיך באַוויזן די בעסטע זינגער.

אַז דער טאָג האָט אָנגעהויבן טונקל צו ווערן, און זייגערס האָבן דעם אָוונט צעקלונגען,
האָט זיך די גרויע וואָר פֿאַרהלשטערהייט אין די ווינקלען באַהאַלטן גענומען;
האָבן קינדערלאַך, מיט בלאָנדע קעפּלאַך און דינע קעלעכלאַך, געזונגען:
— אָ, ליכטיקע וואָר, אָ, לויטערע וואָר, פֿאַרגעס ניט מאָרגן ווידער צו קומען.

## באַלאַדע פון דעם מענטש
## וואָס מען האָט אים פאַרגעסן
## אַריינלייגן דאָס האַרץ

אַז ס'איז אַ מענטש פון אינקובאַטאָר
אַרויס אַ פרישער אַף דער וועלט,
האָט זיך געכאַפּט דער אַלטער קוואַטער:
אַז ס'האָט אַ האַרץ אים אויסגעפעלט.

איז מען געגאַנגען אַף יאַרידן,
און אָנגעקלונגען אינם גלאָק;
צענויפגערופן אַלע שמידן
אין מאַרק, ביים ערשטן זינג פון טאָג.

גערעט מיט בייזן און מיט גוטן;
פאַרשפּראָכן ערשטן פּלאַץ ביים טיש;
און צוגעזאָגט דעם הויפּט-מחותן,
ביים טיש, דעם גרעסטן חלק פיש.

אַ גאַנצן טאָג האָבן יאַרידן
געסוידעט זיך מיט מערק און ווענט:
— וואָס טוט מען דאָ?

— דאָ טוט מען שמידן
אַ האַרץ פּאַר קאָפּ און פּים העגט.

פּאַרנאַכט האָט מען אין גלאָק געקלונגען,
און אפן האַרץ געטאָן אַ שפּיל;
און מויערן האָבן געזונגען,
געטאַנצט אַף גאַסן אַ קאַדריל.

טאָ דער זינגער איז באַזונדער
געזעסן אַף דעם טראָן פון ליד,
און האָט דערציילט די גרויסע וואונדער
וואָס איז געשען אפן יאַריד.

# אַ מעשה וועגן צעןברידער מיט צען לאַנגע בערד

אוי, איז דאָן געווען אַ נאַכט!
ברידער האָט מען צען געבראַכט;
ברידער צען מיט לאַנגע בערד,
און צעלייגט זיי אַף דער ערד,
און אַוועקגעשיקט שטאַפּעט
ווייבער וועקן פונם בעט.

ווייבער ברייִנגען חלום מיט,
קוקן און דערקענען ניט.

אוי, האָט דאָן געוויינט די פּלייט,
און גערעוועט דער טרומייט!

אוי, איז דאָן געווען אַ נאַכט!
ווער האָט זי דאָס אויסגעטראַכט!

אַלטע לייט דערציילן הייַנט
אַז די זון האָט דאָן געשיינט,

אַז דער שלאָף איז דאַן אַוועק
וואַרפן זיך אין טייך פון ברעג;
אַז ס'האָט ניט געוואוסט דער האָן
ווען אַף טאָג אַ קריי צו טאָן;
אַז סע האָבן ברידער צען
טויטערהייט אַלץ צוגעזען,
און געלעגן אַף דער ערד,
און געשאָקלט מיט די בערד.

אוי, איז דאַן געווען אַ נאַכט!
ברידער האָט מען צען געבראַכט;
ברידער צען מיט לאַנגע בערד,
און צעלייגט זיי אַף דער ערד;
אַף דער ערד צווישן ווענט
האָבן ווייבער ניט דערקענט.

אוי, האָט דאַן געוויינט די פּליט,
און געדעוועט דער טרומייט!

# באַלאַדע

וואו איז די חכמה וואָס איז אַלט ווי די וועלט,
וואָס האָט וואונדערלאכע שלעסער אופגעשטעלט,
און איז ווי אַף פליגלען געפלויגן?

די חכמה האָט זיך אַף אַ פייגל פאַרקוקט,
האָט איר אַ גאָלדענער בער פאַרצוקט
פאַר אַלעמען אין די אויגן.

וואו איז דאָס וואָרט וואָס האָט טאַנצן געמאַכט
דעם הינקעדיקן אינמיטן דער נאַכט,
און דעם בלינדן געלייכט אַף די וועגן?

דאָס וואָרט האָט אין גאָלדענע טירן געקלאַפּט,
האָט אים אַ גאָלדענער ריטער געכאַפּט
און פאַר אַ קנעכט אים אָפּגעגעבן.

וואו איז דאָס גלויבן וואָס האָט דורך די ווענט
געזונגען פון אויגן, פון פּיס און פון הענט
ביים קינד אין דער וויג און ביים אַלטן?

עס האָט זיך אַ גאָלדענע קרוין אים פאַרוואָלט,
האָט אים אַ מכשף פאַרוואַנדלט אין גאָלד,
און אין קעלערן טיפע באַהאַלטן.

איז וואָס וועט דער סאָף דער אייביקער זיין?
עס וועט באַ אַלע שוועלן די פיין
ווי רויטער מאָן זיך צעבליען;

וועט איבער די יאָמען פון גאָרער וועלט,
אַזוי ווי אַ פייגל אין פרילינג צייט,
אַ טאָג אַזאַ קומען צעפליען.

וועט זיין הייליקער יום טוב אָף גאָר דער וועלט,
וועט וואָרט זיך צעזינגען ווי פייגל אין פעלד,
און אויערן וועלן הערן;

אינמיטן מאַרק וועט זיך וויגן דער גלאָק,
וועלן חכמה און גלויבן אין העלן טעג
זיך צעטאַנצן אָף אַלע סקווערן.

## באַלאַדע פון וואָלט וויטמאַן

אַ ליכטיקער איז ער געקומען
און הויפנס ליד מיט זיך געבראַכט;
און אָנגעפילט מיט רייד דעם שטומען,
באַשאָטן טעג מיט גלי פון זונען,
באַשטערנט טונקלקייט פון נאַכט.

און איבער גאַס איז ער געגאַנגען,
און איבער שטאָט זיך אויסגעשפּרייט;
אַף ראָגן שטיקער האַרץ צעהאַנגען,
אַף גאַסן, עוועניוס, געזאַנגען
ווי תבואה אַף אַ פעלד פאַרזייט.

און אופגעוויקלט האָט ער שטונדן,
און אופגעפּראַלט דעם צאַם פון צייט;
און אַף די קעפּ פון וואַגאַבונדן
ווי קרוינען זונען אָנגעצונדן
צו לויכטן ביז דער ווייטסטער ווייט.

פון שטויב פון ווערטער און פון קראָמען,
פון אונטער מידיקייט פון טראָט,
גייט אוף אַ ליכטיקער זיין זאָמען,
זיין נאָמען ליכטיקט אָן אַ נאָמען
אין סאַמע מיטן פון דער שטאָט.

## דאָס ליד פון טורעמס

פורעמס איבער פורעמס,
קלאַנג אַריבער קלאַנג;
בויען זיך די טורעמס
הויכע מיט געזאַנג.

טורעמס איבער טורעמס,
שטעט אַריבער שטעט;
אַף די שטערנס — שטורעמס,
און אין האַרץ — געבעט.

קלינגענדיקער! — אייזן,
רוישנדיקער! — שטאָל;
ס'וויל אַ גאָט באַווייזן
וואונדער אַף אַמאָל.

האַמער בלוט מיינס לידער,
איינס און צוויי און דריי;
רינט אין אַלע גלידער
קאַכעדיקער בליי.

רינט און צינדט, ווי פלאַמען,
הערצער מיט געבעט ;
איבער אַלע יאַמען
ברידערהענט פון שטעט.

ס'איז דאָס ליד פון טורעמס,
דאָס געזאַנג פון שטאָט ;
נייע לידער־שטורעמס
צו אַ יונגן גאָט.

## בראָדוויי געוויקס

בראָדוויי-געוויקס, קאָלירפולסטע פון פלאַנצן;
ניו יאָרקס באַלויכטן-ראַשיקער געמיט;
ווי עפּלבוים סאָף הארבסט מיט עפּל גליט,
גליסטו טראַגעדיעס, קאָמעדיעס און סטאַנצן.

אָט לויכטסטו אוף אין רעגנבויגן-קראַנצן;
אָט ביזטו שוואַרץ ווי נאַכט; אָט לויטער ווי דער טאָג;
ס'איז וואונדערלאַך צו זען ווי אַף דיין יעדן ראָג
מזלות נאַקעטע, ווי קורטיזאַנעס, טאַנצן.

אַ פרישע אונטער דיר פאַרגוואַלטיקט ליגט די ערד,
און שפּראָצט פון טראַכט אַרוים מיט מויערן-געוויקסן;
און איבער זיי די טעג, ווי רייטער אַף די פערד,
מיט פראַגעצייכנס, אויסרופן און איקסן.

ווי אַף אַ פרילינגפעלד די פרישע קערנער תבואה,
שפרייט וויטמאַן איבער דיר זיין ליכטיקע נבואה.

## וואונדערלאַכע ווערטער

טורעמס מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
מיט אויגן אָפענע צו גאַסן;
מיט שטום געבעט צו גאָט געווענדט,
צו מענטש, צו סקווערן און טעראַסן.

— גייט אוף איר גאַסן און דערזעט
פון צווישן אונדז דעם גרויסן וואונדער,
צעשאָטענער אַף יעדן ברעט,
אין יעדן ציגל ליגט באַזונדער.

און גאַסן פולע וואַכן אוף,
און האָרכן וואונדערלאַכע ווערטער;
און נעמען הויבן זיך אַרוף
צו הויכקייט ליכטיקער, באַגערטער.

און סקווערן אין אַ קאַראַהאָד
צעטאַנצן זיך ווי די קלאָונען;
און איבער קאָפּ פון שטאָט נעמט גאָט
פאַנאַנדערוויקלען טויזנט זונען.

## וואָלסטריט

ס'איז ניט קיין שפּילכל אויסגעקאַרבט פון האָלצשניט;
ס'איז ניט קיין דיכטעריש-פאַנטאַסטישער באַגריף;
דאָס איז דער אומפּאַרטייטשטער היראָגליף,
רעאַלגעוואָרענע לעגענדע — וואָלסטריט.

באַנאַכט — אַ ריז פאַרנומען אינם שלאָף,
אין חלום פון באַהערשן און פון זיגן;
פאַרצוקער דורכן טאָג פון לעמער און פון שאָף,
און שרעקערצוציער פון קינדער אין די וויגן.

אַ פרייזמאַשינקע קלאַפּט; די פינגער זוכן, טאַנצן
אַריבער שרייבמאַשין אין אייל אַהין, צוריק;
אַ קלאַפּ — און אַ שטיק וועלט; אַ קלאַפּ — און נאָך אַ שטיק
און נאָך אַ קלאַפּ, און אָט — די וועלט אינגאַנצן.

די ערד באַהערשט, געבליבן הימל, לופט, —
עס ווערט די אייביקייט פאַרוואַנדלט אין מינוטן;
און דאָס געזאַנג פון הערשן, זיגן רופט,
צינדט הייסער נאָך און היציקער די בלוטן.

## צו דער גאַס פון זון

שרייט די גאַס פון פינצטערניש צו דער גאַס פון זון,
איבער קעפּ פון מויערן, איבער פלאַך פון ערד;
קייקלען גאַסן, עוועניוס, צו דער גאַס פון זון,
רייד און ווערטער שניידיקע, שניידיקער פון שווערד.

רייד און ווערטער היינגען זיך אַף לאַמטערנעס אָן,
פאַלן און צעצינדן זיך — שטערן אַף גראַניט;
אַז עס וועט אַ פלאַטער טאָן איבער זיי די פאָן,
וועלן איבער הימלגאַס זיך צעזינגען טריט.

פון דער גאַס פון פינצטערניש טיפער טרויער העלט, —
איבער בריקן גאָלדענע, בריקן צו דער וועלט,
היינגט די זון אַ בלוטיקע, ווי אַ רויע וואונד,
איבער בריקן גאָלדענע שפּאַנט דער וואַגאַבונד.

און עס וועבט און וועבט אַ האַנט פעדימלאַך פון צייט,
און זי שנירלט אַף זיי אָן גלעקלאַך פון דער זייט;

קלינגען גלעקלאַך, פילן אָן מיט געקלאַנג די לופט,
און אַ קול אַ לויטערער פון דער ווייטן רופט.

פון דער גאַס פון פינצטערניש, איבער פלאַך פון ערד,
רייד און ווערטער שניידיקע, שניידיקער פון שווערד,
איבער שטאָט צעשיטן זיך, ווי דאָס ווייס פון שניי,
און די שעה'ן לויטערע וואַכן איבער זיי.

## מיין טרויער מיט אַ שטעקעלע אין האַנט

מיין טרויער האָט זיך אָנגעטאָן קאָלירטע קליידער,
און האָט גענומען אַ שטעקעלע אין האַנט,
און איז אַוועק — אַ יונג אַ כוואַטסקער און אַ ריידער,
און איז אַוועק — אַ יונג אַ בראַוועד און אַ פראַנט.

ער זיצט באַטאָג און קלאַפּט אַף אַ מאַשינקע,
און פירט מיט גאָר דער וועלט קאָרעספּאָנדענץ;
און בא דער נאַכט שפּילט ער אַף אַ קאַטערינקע,
און ערגעץ אַנדערש וויגט ער זיך אין טענץ.

און ערגעץ אַנדערש זיצט ער אין די שעפער,
און נייט זיך איין אין מאַנטלען און אין רעק;
און נאָכדעם גייט ער אום אין גאַס — אַ שלעפער,
און וויינט אַרויס פון נאָטן ווי פון פוסטע זעק.

און טרעפן וועט אַמאָל, אָ ברידער, מיינע ברידער,
עס וועט דער טרויער מיינער פון געדולד אַרויס,
און וועט אַריינטאַנצן אין טיפן יאַם פון לידער,
און זינקען און דערטרינקען זיך און אוים.

# דאָס ליד פון ליכטיקן טרויער

ווער וועט זינגען דאָס ליד פון ליכטיקן טרויער
פון מענטשן, פון גאַסן, פון פענצטער, פון פּאַרקן, פון סקווערן?
אַז ס׳זאָל זיך ווי פרילינג צעקלינגען פון אויער צו אויער,
אַז שטיין זאָל דערהערן, אַז האַרץ זאָל דערהערן, אַז גאַט
זאָל דערהערן.

עס גליען זיך טעג אויס אין נעכט אַף שויבן צעגליטע
וואָס קוקן אין הייזער, אַף גאַסן, אין ווייטן, און וואַרטן;
נעם און צעהאַק זי, די שטיינערנע שטאָט אין דערמיטן,
וועט זיך אַנטפּלעקן אַ פרישע, די ערד, און אַ צאַרטע.

הינטער די שאָלעכצן צייטיקן ביינקשאַפטן־זאַנגען,
ווילן אַ שפּיל טאָן זיך, ווילן צו הימלען דערגרייכן;
יעדער פרימאָרגן דערציילט אַף דער גאַס די פאַרלאַנגען,
ס׳גיט יעדער אוונט אַ לויטערן גליאיקן צייכן.

אין ווינקלען באַהאַלטענע לויכטן צעשאָטענע טרויערס;
אַף בעטן, אַף טישן, אַף שטולן ליגן צעשאָטענע פריידן;
ווער וועט דער ערשטער אַ צינד טאָן דעם שפּיץ פונם מויער?
ווער וועט דער ערשטער אַ רעד טאָן, אַ זינג טאָן פוןביידן?

## דער זקן פון מאַנהעטן

ניט פון נעכטן, ניט פון היינט, ניט פון מאָרגן; נאָר פון
נעכטן און פון היינט און פון מאָרגן,
וועל איך אייך זינגען, וועל איך אייך דערציילן פון לעבן
פון דער גרויער וואָר;
איך וויים ניט פאַר וואָס און איך וויים ניט פאַר ווען, נאָר
פריילאַך־טרויעריק איז מיר געוואָרן
בשעת דער גרייזגרויער מאַן האָט אַף זיין פידל געשפילט
דעם ניגון פון זיינע זיבעציק יאָר.

דער גרייזגרויער מאַן איז געבוירן געוואָרן אַף דעם לוסטיקן
אינזל מאַנהעטן;
דער טאַטע זיינער האָט פערד געשמידט און דערציילט די
מעשה פון דעם אינגל, וואָס איז דערהויבן געוואָרן
פון שטויב;
ער אַליין איז געגאַנגען צופוס פון ניו יאָרק קיין באָפאַלאָ,
געלייענט ליבעלידער פון ראָמאַנטישע פאָעטן,
און געלערנט ליב צו האָבן דעם פלאַג, דעם אָנדענק פון
דזשאָן בראַון און דעם אַלטן גוטן אייב*).

---

*) אייבערעהעם לינקאָלן.

דער גרייזגרויער מאַן האָט געהאַט דריי זין, דריי וואוילע, דריי
בראַווע יונגען,
און אַלע דריי האָט ער דאָס אייביקע ליד פון דעם אָרימען
אינגל געזונגען.
איינער איז אַוועק אין קריג פאַרן לאַנד, און געפאַלן אַ העלד
אַ בראַווער,
איינער האָט פון אייפערזוכט דערשאָסן זיין בעסטן חבר.

איינער איז אַ באַגינען אַמאָל אין גאָלדענעם לאַנד געגאַנגען,
און אין איינעם אַ טאָג אַף אַ פעדימל אַף אַ גאָלדענעם זיך
געהאַנגען.

דער גרייזגרויער מאַן האָט אָנגעצונדן איין ליכט פאַר אַלעמען
דרייען,
און נאָכדעם האָט ער צו זיך אַליין געטרונקען אַ כוס לחיים;

געלייטערט האָט זיך אַף זיין פּנים די וואָר אַזוי ליכטיק,
דורכזיכטיק און קלאָר,
בשעת דער גרייזגרויער מאַן האָט אַף זיין פידל געשפּילט
דעם ניגון פון זיינע זיבעציק יאָר.

## ניישטאָט

1

די שטאָט האָט קאַלטן שטאָל אין מיר געשאָטן
אין דינע שטיקלאַך אין מיין לויפיק בלוט;
האָב איך אַ קוש געטאָן די גאָלדענע רוט,
ווי ס'האָט דער האר פון געלן גאָלד געבאָטן.

געבליבן שטיין פאַרוואונדערט אַ מינוט,
און דאָן די ערד די הייליקע באַטראָטן
אין גאָלדענעם ליכט פון נייע צען געבאָטן,
וואָס ס'האָט אַף שטיינער אויסגעקריצט די רוט.

געשמייכלט האָט צו מיר אַ געלער גאָט,
און מיליאָנען-אויגיק מיר געוואונקען,
ווי מיידן אַף די גאַסן פון דער שטאָט, —
האָב איך דעם בלינדן סם זיינעם געטרונקען,

ווי ס'טרינקט אַ דאָרשטיקער פון פרישן קוואַל,
כ'זאָל נאָכדעם קענען אויסשפייען מיט גאַל.

2

כ׳זאָל נאָכדעם קענען אויסשפּייען מיט גאַל
דאָס אַלץ וואָס כ׳האָב אין זיך אַריינגעשלונגען,
און דאַן מיט ווערטער סם׳ען אַלע צונגען
וואָס זשאַווערן אין פּראָסטיקן מעטאַל.

און אָנצינדן די הערצער פון די יונגען
וואָס שטומען אין דעם שטאָטיקן אַנאַל;
אַז שניידן זאָל ווי שאַרף פון אַ קינזשאַל
די שטים פון ביז־איצט הייזעריקע לונגען.

און גליאיקע די ווערטער זאָלן פאַלן
ווי האַמערס אַף די רוקנס פונס שטאָל;
און אויפטרייסלען די רואיקייט פון זאַלן
וואָס חלום׳ען דעם חלום פון אַמאָל.

אַז קלינגען זאָל אין יעדן הויב און פאַל
דאָס נייע ליד פון קאָכיקן מעטאַל.

3

דאָס נייע ליד פון קאָכיקן מעטאַל
וואָס לויכטן דאַרף ווי גליענדיקע זונען ;
האָט אָבער נאָך קיין ווערטער ניט געפונען
אַרויספּלאַצן ווי וואַסער פון אַ קוואַל.

און אָנפילן די הערצער ווי באַלונען
מיט אומרו פון אַן אומדערשעפּטן קוואַל,
אַז קלינגען זאָל די אומרו פון מעטאַל
וואו ביז איצט האָט זיך רואיקייט געשפּונען.

און אויפוויקלען זאָל זיך אַ נייער וואונדער
פון אַלטע און פון קומענדיקע טעג ;
און אויפלויכטן פאַר יעדערן באַזונדער
ווי שטערן פאַר אַ וואַנדערער אין וועג.

צעקלינגען פאַר דער וועלט דורך אַלע דראָטן
די אויסקריצונג פון נייע צען געבאָטן.

4

די אויסקריצונג פון נייע צען געבאָטן
מיט רויטן בלוט פון לייבער און פון הענט ;
און אויסהייגנען דאָס ליכט אַף אַלע ווענט,
וואָס ס׳האָט דער דור דער צוואַנציקסטער צעשאָטן.

און אָנצינדן דעם פייער, וועלכער ברענט
אין הערצער שטומע פלאַמיקע פאַרבאָטן ;
און אויסשרייען דורך אַלע אָדער-דראָטן
די פרייע פרייד פון הערצער און פון הענט.

די פרייד פון הענט וואָס וועלן זיך צעשווינגען,
די שטומע פרייד וואָס האָט זיך ניי באַזעלט ;
און אין די גלאָקן ריזיקע צעקלינגען
דעם ניי-אַנטפּלעקטן סוד פון מענטש און וועלט,

וואָס ציטערט אויף, גייט אויף און ווערט רעאַל
ווי פון דער ערד אַ פרישער וואַסערקוואַל.

## 5

ווי פון דער ערד אַ פרישער וואַסערקוואַל,
וואָס האָט צו נייע וואָרצלען זיך דערשלאָגן,
האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן
דער שטומער סוד פון געלן קאַרניוואַל.

איך האָב דערהערט די דינסטע סטרונעס קלאָגן,
און פלייטן וויינענדיק ווי נאָך אַ באַל;
און שטומערהייט האָט פלוצלינג אַ סיגנאַל
געצונדן פייערן אַף אַלע ראָגן.

און אויגן האָבן פייערדיק געברענט,
און אין די אויגן אַנדערע פאַרזונקען;
און מיילער האָבן אָפענע פון ווענט
און פענצטער, שילדן-ליכטיקייט געטרונקען,

און זיך גערייצט מיט ווינקענדע הארלאָטן, —
געשריגן האָט די שטאָט אַף טויזנט נאָטן,

6

געשריגן האָט די שטאָט אַף טויזנט נאָטן .
און הויפנסווייז גערעגנט גאָלדענעם מיסט, —
געשטאַנען אַף אַ ראָג איז יעזוסקריסט,
און אויסגעזונגען אַלע צען געבאָטן.

און בודאַ האָט אַ שמייכלענדער באַגריסט
באַ יעדער טיר אַ לעבעדיקן שאָטן;
גענייגט זיך און געבייגט זיך און געטראָטן
פאַר שוואַרצע רעק און דעקאָלטירטע בריסט.

געלעגן באַ די שוועלן זייִנען טעג
ווי שטילע ניט-פאַרענדיקטע געבעטן;
און נעכט זייִנען געפאַלן אין געיעג
ווי לידער פון פאַרגעסענע פּאָעטן.

אַף דינע שטריק און לעבעדיקע דראָטן
געשפּאָט האָט דער פּאַיאַץ מיט טויזנט שפּאָטן.

## 7

געשפּאָט האָט דער פּאַיאַץ מיט טויזנט שפּאָטן,
און מיילער האָבן הילכיקע געלאַכט;
עס האָבן איצטערס בערג מיט צייט געבראַכט
אַף די אַלטאַרן גאָלדענע צו בראָטן.

געוויקלט געלע פענער האָט די מאַכט,
און איבער בערג פון וויסטעניש געטראָטן;
און ליים געמישט און ציגל אויסגעקנאָטן,
און טירן אופגעעפנט און פאַרמאַכט.

אינמיטן גאַס איז דאָ אַ גאָט געשטאַנען,
אַף שוואַרצן ברעט געפירט מיט ווייסן קרייט;
און האָט אין אופגעבלאָזטע באַראַבאַנען
געהאַמערט און געפויקט מיט שטיקער צייט.

האָט צייט זיך אויסגעפורעמט אין מעטאַל,
אין פּנים׳ער געשפּייט מיט שטיקער גאַל.

8

אין פנים׳ער געשפּייט מיט שטיקער גאַל,
און האָט אַרויסגעוויינט פון וואַגאַבונדן,
וואָס האָבן זיך מיט טעג געשפּילט, ווי שטונדן
מיט שאָטנס גוסס׳ע אין הינטערזאַל.

עס האָבן אויגן בליציק זיך געצונדן,
אין קערפּערס איינגעזונקען ווילד, קאַרנאַל;
און האָבן ווי מיט אָנגעגליט מעטאַל
געברענט אַף לייבער גליענדיקע וואונדן.

און לייבער האָבן זיך אין פּיין געדרייט,
געקאַרטשעט זיך אין שרעקלאַכע יסורים;
געוואַלגערט און געפּייניקט זיך אין קויט,
און טיף אין זיך געהאָדעוועט אַ שטורעם,

וואָס וועט אַרויספּלאַצן מיט נייעם גלויבן
פון טיפער ערד און פון די טורמס אויבן.

9

פון טיפער ערד און פון די טורעמס אויבן
וועט שיטן זיך פון טויזנט זונען ליכט,
און שפּיגלען זיך אַף יעטווידן געזיכט
ווי ווייסקייט ליכטיקע פון ווייסע טויבן.

און ווערן וועט די זונה וועלכע קריכט
אַף אַלע פיר, דורך זינדיקייט דערהויבן;
די פרייד וועט שפּיגלען זיך אַף אַלע שויבן
אין ליכטיקייט פון שטורעמס אָנגעזיכט.

ווייל אונטער גאָלדענע בערג און האַמערקלאַנגען,
און אונטער מידע, אונטער שווערע טריט,
האָט גאָט פאַרזייט די קערנער פון געזאַנגען
וואָס וועלן אויפלויכטן ווי זאַנגענשניט,

וואָס וועלן זיך דערהויבן וויט און ברייט,
פון שטאָטס צונויפגעמישטער אינגעווייד.

10

פון שטאָטס צונויפגעמישטער אינגעווייד
וואו ס׳ווײנט דער גײסט פון אינדיאַנער קלאַנגען,
און ס׳מאַטערן זיך גײסטיקע מאַראַנען
באַ גלעזער טײ און לאַנגווײליקע רײד.

פון הינטער בערג מעטאַל און גאָלד און באַנען,
אַ לויטערע, געלײַטערטע פון לייד,
גײט אוף אַ נייגעבוירענע די פרייד
ווי שפּריירעגן אַף זומערדיקע לאַנען.

און וואויל איז דעם וואָס האָט אין טיפן צער
ביז צו דער ערד געקאָרטשעט זיך, געבויגן;
זײַן ליד וועט קלינגען הילכיקער דערפאַר,
זײַן פרייד וועט קוקן טיפער פון די אויגן.

ווייל פון זײַן טיפן צער און פון זײַן גלויבן
האָט זיך אַ נייע ליכטיקייט דערהויבן.

11

האָט זיך אַ נייע ליכטיקייט דערהויבן,
וואָס ציט זיך פון דעם ערשטן טאָגס געבער;
אין דימענטן פאַרוואַנדלט יעדע טרער,
און יעדן פּיין — אין זיסן זאַפט פון טרויבן.

עס האָט אַ שטאַרקער קול באַפעלט: צעשטער
דעם פונדאַמענט פון אונטן און ביז אויבן;
זעץ אויס דער וועלטס פאַרפירערישע שויבן,
די ליכטיקייט די אמת'ע פאַרמער.

בין איך פון שטאָטס אַספאַלטן אופגעגאַנגען,
פון ליכט בראָדוויים און פון דער באַערים מיסט,
צו וועקן מיט געהאַמערטע געזאַנגען
די ליכטיקייט פון משה-בודאַ-קריסט.

האָט צער און פּיין זיך אויסגעמישט מיט פרייד,
און האָט זיך אומבאַמערקטערהייט געשפּרייט.

12

און האָט זיך אומבאַמערקטערהייט געשפּרייט
דער אופגייענדער ליכטיקייט אַנטקעגן;
נאָר אַף די גאַסן האָט אַ גאָלדענער רעגן
געראַנגלט זיך מיט וואַקסנדיקן ברויט.

און טעג זיינען פּאַרפּייניקטע געלעגן
אַף טראָטואַרן שטיינערנע צעשפּרייט;
אַף זייגערס האָבן וויזערס זיך געדרייט,
געאיילט זיך ווי די יעגער אַף געיעגן.

און אָרגלען האָבן תּפילה'דיק געשפּילט,
און נאָנעס האָבן תּפילה'דיק געבעטן;
די מידע און געפּייניקטע געשטילט,
און צוגעזאָגט אַף יענער וועלט צו גלעטן.

אַליין האָב איך דורך שטאָט מיט טויזנט צונגען
געשפּרייט זיך און דורך חושך דורכגעדרונגען,

13

געשפּרייט זיך און דורך חושך דורכגעדרונגען,
אין אַטאָם פּיילפונבויגנדיקער ראָד ;
איןווירבלדיקן בייטשנקאַראַהאָד
וואָס האָט אַף פּליצעס לאַסטיקע געזונגען.

געהויבן זיך אַריבער נאַכט און שטאָט,
אַריבער קעפּ פון גרייזן און פון יונגען ;
גערעט, דערציילט, געבעטן זיך, געזונגען
פון אַ פאַרלאָזטן בלאָנדזשענדיקן גאָט.

אַף טאַמבורינען שכור'ע געפּייקלט ,
אין ווילדע וואַקכאַנאַליעס געגליט ;
און זיך אַף בעטן זינדיקע געקייקלט,
געוואַלגערט זיך אַף זודיקן גראַניט.

ווי ווייַן האָט זיך דאָס וואָרט געשפּילט מיט צונגען,
און האָט אין אַלע גלאָקן אָנגעקלונגען.

14

און האָט אין אַלע גלאָקן אָנגעקלונגען,
אַריינגעמויערט זיך אין אַלע ווענט;
און האַרץ צו האַרץ און מענטש צו מענטש גענענט,
פאַרוואַנדלט אַלטע גרויע לייט אין יונגען.

עס האָבן ווענט זיך אייגענע דערקענט,
און זיך פון פרייד צעוויינט און זיך צעזונגען;
אין אַלע טורעמגלאָקן אָנגעקלונגען,
און זיך אין פרייד אין אייגענער געבלענדט.

אַף בערג פון גאָלד געזעסן איז דער נאַר
און זיך געטרייסט מיט שיין פון טויטע ווייטן;
געשפּרייט אַריבער שטאָטיקן אַלטאַר
דעם שמעקעדיקן ווייַרויך פון פּאַרצייטן.

דורך יעדן אָדער מיינעם ווי דורך דראָטן
האָט קאַלטן שטאָל די שטאָט אין מיר געשאָטן.

15

די שטאָט האָט קאַלטן שטאָל אין מיר געשאָטן,
כ׳זאָל נאָכדעם קענען אויסשפייען מיט גאַל
דאָס נייע ליד פון קאָכיקן מעטאַל,
די אויסקריצונג פון נייע צען געבאָטן.

ווי פון דער ערד אַ פרישער וואַסערקוואַל
געשריגן האָט די שטאָט אַף טויזנט נאָטן;
געשפּאָט האָט דער פּאַיאַץ מיט טויזנט שפּאָטן,
אין פּנים׳ער געשפּיִיט מיט שטיקער גאַל.

פון טיפער ערד און פון די טורעמס אויבן,
פון שטאָטס צענויפגעמישטער אינגעווייד,
האָט זיך אַ נייע ליכטיקייט געהויבן,
און האָט זיך אומבאַמערקטערהייט געשפּרייט.

געשפּרייט זיך און דורך חושך דורכגעדרונגען,
און האָט אין אַלע גלאָקן אָנגעקלונגען.

# אַף טייכן אַמעריקעס

I

אַף טייכן אַמעריקעס קלינגען נאָך
די ריטמען פון טענץ אינדיאַנישע;
די פּריירים אַמעריקעס זינגען נאָך
פון הייליקע קאַמפּן פון קלאַנישע.

נאָר האָדסאָן זינגט לידער שוין אַנדערע
באַם ברעג פון דער שטאָט דער גיגאַנטישער;
ס'האָט האָדסאָן גענומען זיך חברן
מיט יאַם מיט דעםברייטן אַטלאַנטישן.

ס'האָט יאַם מיט אַן אומרו אומענדלאַכער
פאַרסמט זיינע רואיקע אויסגוסן;
האָט האָדסאָן מיט שפּראַך אומפאַרשטענדלאַכער
גענומען זיך וואַרפן און רוגזן.

ליגט לעבן זינט דאָן אַ צעצונדענער
אַף אינזל פון שטיין אַף דעם וואַכיקן,
מיט האַרץ אַ צעשפּרייטאויפגעבונדענער,
זוכט אופלייז אין ליד טויזנטשפּראַכיקן.

2

נאָך איידער ס׳האָט די ערד פאַרשלונגען סדום,
איז שוין געווען פאַרשריבן באַ די געטער
דאָס ווידעראויפקומען פון אַלטן רוים
אין צען מאָל גרויסן וואונדערלאַכן שפּעטער.

האָט אויפגעבליצט אַף ערד אַ מעטעאָר,
ווי אופגעראָלטע זונען פון דער ווייטן,
די שטאָט ניו יאָרק — אַ חלום אַפן וואָר,
פאַר היינטיקע און קומענדיקע צייטן.

אַף נייער ערד האָט אופגעבליט מיין קלאַן,
ווי פעלדער נאָך אַ זומערדיקן רעגן,
מיט לידער ניטגעזונגענע ביז דאַן,
באַ האָדסאָנס יונגע אופגעלעבטע ברעגן.

3

מיין קלאַן איז גרויס און וואונדערלאַך און שטאַרק,
פון צעזאַרס קלאַנגען מאַכטיקער און גרעסער,
מיט, ווי פון מעשות אויסגעבויטע, שלעסער
אַריבער נאַקעטן מאַנהעטנס קאַרק.

און געטער האָט מיין קלאַן און פעדעסטאַלן,
און בוקט זיך צו זיי אַלע פרום און דינט ;
און גאָלדענער זאַפט, ווי מילך און האָניק, רינט
געבענטשטערהייט פון אומדערשעפטע קוואַלן.

און לידער זינגט מיין קלאַן, און דאָס געזאַנג
צעטראָגט זיך ווייט אַריבער אַלע טייכן,
פון אומבאַזיגבאַרע באַזיגטע קעניגרייכן,
פון וועלט באַצוואונגענער, פון יאַגד און פעטן פאַנג.

איינאיינציק זון האָט וועלט, מיין קלאַן האָט טויזנט זונען,
און אין די קילע נעכט לבנות אָן אַ צאָל, —
אַזוי האָט אייביק זיך די מעשהלע געשפונען
אַף ערד אַף נאַקעטער, אַף יאַם, אַף באַרג, אין טאָל.

# די שעה פון פיין

די שעה פון פיין איז לויטערער פון זונען,
פאַר דעם וואָס גרייכט ביז צו דער טיפסטער טיף;
דאָס לעבן ווערט אַ זוניקער באַגריף
וואָס שפּיגלט זיך ווי וואַסער אין אַ ברונען.

עס לויכטן אויף קאַלירנדיקע נעמען
ווי דינע ליניעס פון אַ קינסטלערס האַנט,
און שפּרייטן זיך אַריבער וועג און ראַנד
אין זינגענדיקע לידער־בריזאַנטעמען.

פון אונטער פילבאַדייטנדע רואינען
צעוויקלען זיך פון אַלטע שלעסער טרעפּ;
אַף קערפּערס וואַקסן ווידער אָן די קעפּ
וואָס האָבן זיך געשפּילט מיט גיליאָטינען.

און ווי די זון, פון אומבאַוואוסטע ווייטן,
גייט לעבן אויף מיט ליד און מיט באַדייטן.

## מעסלעסן

עס וויינען די פידלען אין טונקעלע זאלן;
די ווענט און די דילן אין כאָר וויינען מיט;
פון איבער די שפּיצן פון מויערן פאַלן
מעסלעסן אַרונטער אַף האַרטן גראַניט.

עס ווערן מעסלעסן אין פייערלאַך קליינע
צעפּיצלט, ווי שטערן אַריבער דער שטאָט;
הויבט שטאָט אָן צו וויינען, אַזוי ווי אַ זונה
וואָס וויל זיך באַהאַלטן פון מענטשן און גאָט.

די טעג טראָגן נעכט איבער טיפע טונעלן,
די נעכט טראָגן טעג איבער לופטנס פוןווינט,
און לאָזן זיי איבער באַ טונקעלע שוועלן,
ווי פגרים אין ליידיקן פעלד פאַר די הינט.

עס וויינען פון אונטער די זודיקע שטיינער
סקעלעטן פון עברם צום זוניקן זיין;
עס בייסן זיך איצטערס, ווי הינט מיט די ציינער,
אין ברודיקע לייבער פון רעגעס אַריין.

עס שוואַנגערן רעגעס מיט רוישיקע יאָרן
וואָס וועלן צו אונז קומען זוכן באַדייט;
עס טראָגן זיך מאָרגנס, ווי ריטער אַף שפּאָרן,
און טראָגן פאַרשלאָסענע קאַסטנס מיט צייט.

אַף אונז וועלן קאַסטנס מיט צייט זיך צעהאָגלען,
אַף אונזערע פּלייצעס וועט ווייגען די רוט;
אַף דעקן פון אונזערע לײדיקע לאָגלען
וועט גליִען די אומרו וואָס ליגט אינם בלוט.

## מיינע שטאַמען

דער טאָג איז זעענדיק, די נאַכט איז בלינד,
און איך בין בלינד און זעענדיק צוזאַמען;
איך שטאַם פון אַלטע, וואונדערלאַכע שטאַמען,
און בויג זיך פאַר דער ריינקייט און דער זינד.

כ׳בין בעטלער און בין קעניג אַף אַמאָל,
מיין קעניגרייך האָט קאַרליקעס און ריזן;
ס׳איז ווייך און האַרט דאָס שטאָל פון מיינע שפּיזן,
עס בעט און בייזערט זיך דאָס אָפּקלאַנג פון מיין קול.

איך בין געווען, איך בין, און איך וועל זיין,
אין ליכט פון טאָג, אין רוישן פון די יאַמען;
און קלינגען וועלן אייביק מיינע נאַמען
אין ווילדער פרייד, אין מאַטערניש פון פּיין.

און וויינען וועט און פרייען זיך צוזאַמען
דער טרויער און די פרייד פון מיינע שטאַמען.

## ווערטער

אָ, ווערטער שניידיקע וואָס קומען פון דער טיף,
צעזוניקט זיך, צעבליט זיך און צעוואָרימט,
צעפלאַקערט זיך ווי ווייסע זעגלען אַף אַ שיף, —
אָ, ווערטער, אויסגעקריצט מיט הייסן בלוט אַף פּאַרמעט.

די גלידער בייַנקען נאָך דערלייזונג, נאָך געבעט,
און העלדזער שטרעקן זיך אַליין צום שווערד צום בלאַנקן;
עס זייַנען ניט קיין גאַסן, מויערן און שטעט,
נאָר דורות אָנגעזאַמלטע געדאַנקען.

די האַנט פון גורל שווינגט און ווייס ניט פון קיין גנאָד,
און לעבנס פּנים איז אַ פרעמדער און אַ בייזער;
נאָר ס'איז אין יעדער טאַט אַן אָפּשפּיגלונג פון גאָט,
ס'איז דאָ אין יעדן מענטש אַ שטיק פונם דערלייזער.

און הינטער ווערטערבערג איז דאָ איין וואָרטבאַדייט,
צעזונגענער מיט הייסן בלוט אַף פּאַרמעט;
אָ, ווערטער שניידיקע, צעזייטע איבער צייט,
צעזוניקט זיך, צעבליט זיך און צעוואָרימט.

## פון שטילע פאַרנאַכטן

פון שטילע פאַרנאַכטן דאָס גאָלד,
דער נאָכקלאַנג פון טאָגיקע ווערטער,
ערוואַכטער אימפּולס פון רעוואָלט
פון שטאָטיקע גאַסן געגערטער.

די שיין פון פאַרגאַנגענע נעכט,
דער פּראָסטיקער זילבער פון ווייטן,
געזאַנגען פון שווערד און געפעכט,
דאָס שטויב פון פאַרגאַנגענע צייטן,

אין שלייערן דינע גייט אויף,
אין איינגע און שטאָטיקע ספערן,
און רייסט זיך אין שטאָטיקן גוף
דאָס פּשוטע וואָרט צו דערהערן.

פון דורות פון ווייטע דער גאַנג,
פון אַלטע אַרכיוון די שטויבן,
גייט אויף אין אַ נייעם געזאַנג
און האַמערט אַן אייזערנעם גלויבן.

## ליד

אַף טויזנט אונטערגאַנגען בליט די בלום פון מאָרגן,
אַף פולע יאַמען פיין גייט אויף די זאַנג פון איצט;
געדאַנקענווערטערבערג אין טאָוולען איינגעקריצט,
ווי מתים ליגן זיי אַף עפנטלאַכע טאָרגן.

וואו ליגט די מאַכט וואָס וועט צום העכסטן פונקט דערגרייכן,
וואו איז דאָס וואָרט וואָס ווייזט און לויטערט און אַנטפּלעקט?
אַז איך האָב נאָך ביז היינט פון זיך ניט אָפּגעמעקט
פון טונקעלן אַמאָל דעם פייערדיקן צייכן.

ניטאָ קיין גרעניצן, ניטאָ קיין צאָם;
עס פלאַמט דער היינט — אַ טויזנטקלאַפטערדיקער שייטער;
דאָס יונגע לעבן גליט — אַ פייערדיקער יאַם,
דאָס אַלטע לעבן רייפט — אַ קו מיט פולע אייטער.

## דאָס וואונדער אין אונזערע בלוטן

מיר זיינען געבענטשט מיט נעכט און מיט טעג,
מיט שעה׳ן פון פרייד און פון טרויער;
מיר זיינען די אומרו פון רידלען און העק,
וואָס שפּילן מיט גאָס און מיט מויער.

דער אָטעם פון קאַלטן געגאָסענעם שטאָל,
די גליאיקע ביינקשאַפט פון אייזן;
פון אונזערע לענדן — ווי זון פון טאָל —
וועט זיך דאָס וואונדער ווייזן.

עס שרייען פרימאָרגנס צו אונז אַרוף
צעשאָטענע אין מינוטן;
ווי תבואה אַף יונגע פעלדער גייט אוף
דאָס וואונדער אין אונזערע בלוטן.

# ליד פון אייביקן

כ׳טראָג פולע טעג מיט זון און פולע נעכט מיט וואונדער
פאַרהוילענע אין דינעם נעפּל פונם שפּעטער,
געהייליקטער געזאַנג אין ברוסט פון יונגע געטער,
און בערג מיט פריידיקע נאָכניטגעלעבטע שטונדן.

דורך וועלט און רוים האָב איך געשפּאָלטן זיך אין שטיקער,
אַ טורעם אויסגעבויט — יאָרהונדערט אַף יאָרהונדערט,
געוויגט זיך ווי אַ שיף אַף יאַם פון זיבן וואונדער,
געטראָגן זיך דורך ערד ווי דורך דער שטאָט אַ שיכור.

איצט בליט אין טראַכט באַ מיר דאָס וואונדער אוף דאָס אַכטע
אין דזשאַזיקן געשריי מיט אויפגעראָלטע פאָנען
אין ליכטיקן באַגין, מיט וואָרט און ליד פאַרטראַכטן;

געבענטשטער אורגעבורט מיט קָינדס אַן ערשטן שמייכל
גייט אוף, ווי שניטערס ליד אין זוניקע פאַרנאַכטן,
אין אַלע ראַדיאָס און אַלע גראַמאָפאָנען.

## ליד פון גרויסשטאָט

גרויסשטאָט גייט אוף אין מיינע בלוטן,
אַ טויזנטקעפּיקער גיגאַנט,
אין טאַנץ פון רעגעס און מינוטן,
אין גורלס פּאַקלדיקער האַנט.

און פּיינען לויטערע און צער׳ן,
ווי זעאונגען אין שוואַרצע נעכט,
די זאַטקייט זינגענדע פון האַרץ,
די אונטערטעניקייט פון קנעכט.

אין מיינע אָדערן צעשטראָמען
ווי הייסצעלאָזענער מעטאַל,
און זינגען תפלות צו אַ נאָמען
וואָס גרויסט און קיניגט איבעראַל.

צעצינד דיין לויטערקייט אין פלאַמען,
באַלייכט דעם לעצטן טראָפּן צער,
אָ, נאָמען פון דער ערד און יאַמען,
אָ, טויטערלעבעדיקער האַר!

## פאַרגעם מיך ניט

פאַרגעם מיך ניט, —
בעט זיך אַ שטויב באַ אַ שטויב
אין אָנקומען פון ווינט.
פאַרגעם מיך ניט, —
יאָמערט איין שעה צו אַ צווייטער
ווען דער זייגער דערקלאַפּט די לעצטע מינוטן.
אַף אַלטע הימלען צינדן זיך נייע זונען
מיט שטראַלן פון לעבן
מיט שטראַלן פון טויט.
אַף ראַנדן פון בעכערס שפּילט די פרייד:
אייביק, אייביק.
אַף גאַסנאָרגלען שפּילט דער טרויער:
אייביק, אייביק.
פאַרגעם מיך ניט, —
ברומט איין דור צו אַ צווייטן
דורכן מויל פון אַ ביקס.
און אַף די קעפּ פון קברים
גייען אוף טשופּרינעס יונגע האָר,
און שפּיגלען ניילעבן
אַנטקעגן דער זון.

זייט

זייט